אליקום צונזער

# אלע ווערק

אין דריי בענד

—

דריטער באנד.



אבא קאצענעלענבויגען

ניו יארק, 1920

# אינהאַלט:

זייט

# די נייע פעריאָדע.

**איך** בין געבוירען געוואָרען אין ווילנא, רוסלאנד, מיטוואָך ביי נאַכט, דעם צווייטען חשבון אין יאָהר תר"א דעם 28טען אָקטאָבער, 1836).

פאַר פילע פון מיינע לעזער, איבערהויפּט פאַר דעם יונגען דור, וועט געווים זעהר אינטערעסאַנט זיין בעקאַנט צו ווערען מיט דער עפּאָכע, אין וועלכער איך האָב צום ערשטען מאָל דערזעהן דאָס ליכט פון דער וועלט, אין וועלכער איך האָב דורכגעמאַכט מיין קינדהייט און מיין ערשטע יוגענד, און וועלכע האָט געהאַט אַ גרויסען איינפלוס אויף מיין ענטוויקלונג און אויף מיין גאַנצעם לעבען.

יענע עפּאָכע איז אין אונזער אידישע קולטור־געשיכטע בעקאַנט מיט דעם נאָמען: „די נייע פעריאָדע". ביז יענע צייט איז דער רוסישער, רומע־נישער און גאַליציאַנישער יודענטהום צוטיילט געוואָרען אין צוויי קלאַסען. איין קלאַס, דער קלענערער, האָט פאַרגעשטעלט אונזער גייסטיגע אריסטאָ־קראַטיע. דאָס זיינען געווען יענע אידען, וואָס האָבען פערבראַכט זייער גאַנצעם לעבען על התורה ועל העבודה. זיי האָבען דעם יודענטהום געגעבען די רבנים, דיינים, שוחטים, מגדים, ראשי־ישיבות, חזנים, מלמדים און אלע אַנדערע פערטרעטער פון די „כלי־קדש". דער צווייטער קלאַס דער גרעסע־רער, איז געווען דער המון, די גרויסע מאַסע בעלי־מלאכות, ארבייטער, קליי־נע סוחרים, קרעמער, שיינקער, ישוב'ניקעס און דערגלייכען, יענע גרוי־סע מאַסע, וואָס האָט זיך אַרומגערינגעלט מיט אַ דיקע וואַנד פון פאַנאַטיז־מוס און אַבערגלויבען און האָט צו זיך ניט אַריינגעלאָזען קיין שטראַהל פון השכלה. דאָס גאַנצע יודענטהום אין רוסלאַנד, רומעניען און גאַליציען האָט זיך געלעבט אָפּגעזונדערט און אָפּגעשלאָסען פון דער איבריגער וועלט, און קיין פרעמדעס האָט אין זייער גבול ניט געטאָרט אַריינקומען. דיעזע אָפּשלי־סונג האָט דאַמאָלט די אידען געדיענט אַלס שוץ־מויער געגען דעם איינ־פלוס פון די קריסטען, וואָס זיינען צו יענער צייט געשטאַנען אויף דער נידעריגסטער־מדרגה פון גייסטיגער ענטוויקלונג. די אידען האָבען זעהר

שטארק מורא געהאט פאר דיזען איינפלוס, ווייל זיי האבען געוואוסט, דאס ער קען זיי נאר שאדען אין מאטעריעלען און גייסטיגען הינזיכט.

ווי שטארק און דיק די מויער, מיט וועלכער די אידען האבען זיך אפּ־געשלאסען פון דער איבריגער וועלט, איז ניט געווען, האבען זיך דאך אריינ־גע'גנב'עט איינינע ליכטיגע שטראהלען אין דער אידישער געטהא און האבען דירכגעדרונגען די הונדערט־יאהריגע פינסטערנים. דיזע ליכטיגע שטראהלען זיינען געקומען פון די מערב־לענדער, וואו אידישע השכלה און אידישע ווי־סענשאפט איז שוין געשטאנען אויף א הויכע מדרגה. ווי קאנטרעבאנד זיינען אין רוסלאנד אריינגעשמוגעלט געווארען די ווערק פון נפתלי הערץ וויזעל, שלום יצחק ראפּאפּארט, שלום הכהן, נפתלי קעלער, מאיר לעטערים, שמואל דוד לוצאטו, יצחק אייכעל, שמעון פריעדלענדער, מענדיל ברעסלוי, זנוויל פריעדלענדער, יוסף האלטערן, דוד פריעדלענדער און אנדערע חכמי ישראל פון יענער צייט, און האבען געלעגט דעם ערשטען גרונדשטיין פאר דער נייער פעריאדע אין דאס אידישע לעבען און אידישע ענטוויקלונג אין רוסלאנד, רומעניען און גאליציען. אידישע יונגע לייט פלעגען זיך פארשלי־סען בחדרי הדרים און פלעגען לעזען די העברעאישע צייטשריפטען ווי דעם „בכורי־העתים“, די „מאספים“ דעם „כרם חמד“ און אנדערע און דאס האט זיי די אויגען געעפענט. זיי האבען איינגעזעהן אז אמונה און חכמה, תורה און השכלה, קענען געהן האנד אין האנד און איינע קען ניט שאדען די צוויי־טע, פערקעהרט די השכלה קען נאך אפּפריינינגען די אמונה פון יענע הבלים, וואס האבען זיך צוגעקלעפּט צו איהר ריינעם קערפּער אין דעם משך פון די פריהערדיגע פינסטערע דורות. אבער די עלטערן פון די יונגע לייט האבען פון אזא ערליכען קאמפּראמיס ניט געוואלט וויסען: יעדע לופט־צוג, וואס איז געקומען פון דרויסען, האבען זיי בעטראכט פאר א מין גיפט, און עס האט זיך אנגעהויבען די לאנגע און שווערע מלחמה צווישען די עלטערן און זייע־רע קינדער, יענע מלחמה, וואס איז אין אונזער געשיכטע בעקאנט אונטער דעם נאמען: „מלחמת האור עם החשך“, די מלחמה צווישען ליכט און פינ־סטערנים, און וואס האט געפאדערט אזוי פיעל אידישע קרבנות.

דער קליינער הויפען פון די ערשטע אידישע משכלים אין רוסלאנד, איז פון אלע זייטען ארומגערינגעלט געווארען פון א שטארקען און מעכטי־גען „פיינד“. מען האט אויף זיי געשאסען מיט קללות און מיט חרמות, מיט אויסשליסען פון די קהלות און זעהר אפט האט מען א גרויסע צאהל פון זיי אפּגעגעבען פאר סאלראטען. די שפּאלטונג צווישען עלטערן און קינדער,

איז מיט יעדען טאָג געוואָרען אַלץ גרעסער און טיפער. די אידישע יוגענד האָט געליטען שרעקליכע פערפאָלגונגען, אָבער זיי האָבען ניט געווייכט פון שלאַכט פעלד. זיי האָבען מלחמה געהאַלטען פאַר אַ הייליגען אידעאַל: פאַר אַ ריינע געלייטערטע אמונה, און פאַר אַ ליכטיגע השכלה. זיי זיינען געווען די מאָדערנע מאַקאַבייער פון יענער צייט. זיי האָבען אויפגעהויבען די פאַהן פון אידישען נאַציאָנאַליטעט און האָבען זי געטראָגען פון שטאָדט צו שטאָדט, פון דאָרף צו דאָרף. כמעט אין יעדער שטאָדט און שטעדטעל האָבען זיי געפונען אַ פּאָר פון די דאָזיגע גבורים, וואָס האָבען בעקומען אַ גרויסען איינפלוס אויף דער יוגענד און דורך דיעזען איינפלוס, איז די אַרמעע פון די משכילים אַלץ גרעסער געוואָרען. יצחק ערטער, יצחק בער לעווינזאָהן, אברהם בער הכהן לעוועזאָן, (אד"ם הכהן, „בעריל מיכאַילישאַקער"), זיין זוהן מיכה יוסף לעבענזאָן, מתתיהו סטראַשון, מרדכי פּלונגיאַן, מרדכי נעמזער, אברהם מאַפּו, קלמן שולמאַן, חיים־זעליג סלאָנימסקי, יעקב אייכענבוים, אליעזר צווייפעל און נאָך פיעלע אַנדערע — זיינען געווען די ערשטע בלומען, וואָס האָבען אויפגעבליהט אין דעם שעהנעם גאָרטען פון דער רוסיש־אידישער השכלה. זייער געוועהנליכער נאָמען איז דאַמאָלס אונטער די אידען געווען: „די בערלינציקעס", ניט דערפאַר, וואָס זיי זיינען געווען געבאָרענע בערלינער (זיי זיינען אַלע געבאָרען אין רוסלאַנד), נאָר דערפאַר, וואָס זיי האָבען אָנגענומען די דייטשע השכלה, דאָס הייסט די ריכטונג פון די אידישע משכלים אין דייטשלאַנד.

אין דער פאַמיליע אין וועלכער איך בין געבאָרען געוואָרען, איז ניט געווען קיין איינציגער פערטרעטער פון דער נייער עפּאָכע. מיין פאַמיליע איז געווען אין דעם „פיינדליכען" לאַגער און האָט געהאָלפען פיהרען די מלחמה געגען דעם יונגען "שונא". מיין פאָטערס עלטער־פאָטער, ר' אליהו צונזער, איז געווען אַ תלמיד פון דעם ווילנער גאון, ר' אליהו ז"ל (ער ליגט אויף דעם ווילנער אַלטען בית־עולם ניט ווייט פון דעם גאון ז"ל). זיין זוהן, מיין זיידע, ר' עקיבא צונזער איז כל ימיו געווען אַ קרעמער אין דער בשמים־קראָם פון ר' יצחק דאַנציג, דער זוהן פון חיי־אדם ז"ל. מיין זיידעס ברודער, ר' מרדכי הערץ צונזער, איז געווען אַ מורה־הוראה אין אַנטאָקאָליע, אַ פאָרשטאָדט פון ווילנא. זיין פרוי שרה, איז אין ווילנא בעקאַנט געווען מיט דעם נאָמען „שרה'לע די צונזערקע". מיין זיידע ר' עקיבא ע"ה האָט געהאַט צוויי זיהן: ר' אליהו־מרדכי צונזער און פייוועל צונזער (מיין פאָטער ע"ה). ר' אליהו־מרדכי צונזער איז געווען אַ גרויסער תריף און נאָך אַ גרעסערער

מתמיד. ער האט אין זיין לעבען דרייצעהן מאל אויסגעהאט דעם ש"ס. ער איז פלוצלונג געשטארבען, ווען ער איז ערשט עטליכע און דרייסיג יאהר אלט געווען. מיין פאטער ר' פייווע צונזער ע"ה, האט ניט געהאט קיינע פעהיגקייטען צום תלמוד ווי זיין ברודער אליהו מרדכי, און דארום האט איהם זיין פאטער געלאזט לערנען א מלאכה. ער האט דערביי אין זינען געהאט דעם כלל פון דעם ווילנער גאון ז"ל, וואס האט תמיד געזאגט, אז ווען א אידישער יונגער מאן האט ניט קיין פעהיגקייטען צום לערנען, זאל ער בעסער ווערען אן עהרליכער בעל־מאלכה. מיין פאטער איז געווארען א סטאליער און אן אמת'ער קינסטלער אין זיין פאך. אבער ניט קוקענדיג אויף זיינע פיינע אמונות, האט ער תמיד געלעבט אין גרויס דחקות און נויט. זיינע שבתים און ימים טובים פלעגען איהם אנקומען שווער ווי קריעת־ים־סוף און כמעט תמיד נאר ווי דורך א נס. ווען די נויט איז געווען זעהר גרויס אין עס איז גאר קיין אויסזיכטען ניט געווען עטוואס צו פערדינען אויף שבת, אדער אויף יום־טוב, פלעגט ער פלוצלונג גערופען ווערען צו א פריץ און פלעגט ביי איהם בעקומען א בעשטעלונג אויף ארבייט. אזעלכע „נסים" פלעגען איהם זיך טרעפען גאר דערפאר, ווייל ער איז געווען א קינסטלער אין זיין פאך; די אנדערע בעלי־מלאכות אין ווילנא האבען אין יענער צייט נאך פיעל עלענדער פון אונז געלעבט.

אבער יענע יאהרען פון ארמוט און עלענד זיינען פאר אונז נאך ניט אזוי שרעקליך געווען ווי די ביטערע צייט, וואס איז שפעטער איבער אונזער פאמיליע געקומען. איך בין שוין אלט געווען זיבען יאהר און בין שוין געווען א ישיבה־בחור אין ר' מאילעס קלויז. מיין פאטער האט געהאט ארבייט ביי דעם בנין פון דעם וואיענעם האספיטאל אין אנטאקאליע, וואו ער פלעגט ארבייטען א גאנצען טאג און וואו ער פלעגט מוזען נעכטיגען. איינמאל, דאס איז געווען אין יאהר תר"ח, חנוכה צו דער צווייטער ליכטעל, איז מיין פאטער געקומען פון דער ארבייט, האט אפגעדאווענט מעריב, האט געבענשט חנוכה־ליכט און האט אפגעגעסען אוואנד־ברויט. נאך דעם בענשען האט ער מיך פארהערט און האט זיך אויסגעקליבען צו געהן ווי תמיד אויף נאכט־לאגער אין האספיטאל אין אנטאקאליע. ער האט מיט זיך גענומען א פאר שטיקלאך ברויט און עטליכע קארטאפליעס און איז אוועקגעגאנגען. ווי גרויס איז אבער געווען אונזער שרעק, ווען מען איז אויף מארגען געקומען פרעגען פון האס־פיטאל פאר וואס איז ר' פייווע צונזער די נאכט ניט געקומען נעכטיגען ווי אלע מאל. מיר האבען באלד פארשטאנען, אז מיט איהם האט זיך געוויס געטראַ־

פען אַן אומגליק. אַ גרויסע צאָהל מענשען זיינען אַרום איהם זוכען, און מען האָט איהם געפונען ליגענדיג אַ טוידטען אין שנעע אויף דעם הויף פון האָס־פּיטאַל. מען האָט איהם געהאַלטען דריי טעג און דאַן האָט מען איהם גע־פּאַלמעסט. מען האָט אויסגעפונען, אַז געהענדיג צום האָספּיטאַל איז ער אין וועג קראַנק געוואָרען און שוין קיין כוח ניט געהאַט צוריק צו געהן, ביז ער איז געפאַלען אין שנעע און איז אָהן הילף געשטאָרבען. אונזער פאַ־מיליע איז געבליבען אָהן דעם איינציגען שפּייזער און פון דאַמאָלס אַן איז פאַר אונז יעדער טאָג געוואָרען אַ נייער רינג אין אַ לאַנגע קייט פון שרעק־ליכע צרות.

ווען מיין פאָטער איז געשטאָרבען, איז ער אַלט געווען 45 יאָהר. ער האָט איבערגעלאָזען מיין מוטער, די וויסטע אַלמנה, מיט דריי עלענדע יתומים. איך בין דעמאָלט אַלט געווען 7 יאָהר, מיין ברודער עקיבא 3 יאָהר און אַ קליין שוועסטערל פון אַ יאָהר און אַ האַלב. אונזער דלות איז שוין דעמאָלס געווען אַזוי גרויס, דאָס קומענדיג נאָך דער קבורה צוריק פון בית־עולם, האָ־בען מיר שוין ניט געהאַט, וואָס צו עסען און הונגעריגערהייד האָבען מיר זיך געלייגט שלאָפען. אויף מאָרגען איז אָנגעקומען מיין מוטערס אַ שוועסטער, אויך אַן אָרעמע פרוי, או האָט אונז אַלעמען צוגענומען צו זיך. זי האָט מיין מוטער פערשאַפט אַרבייט און „פערדינסט". זי האָט איהר אויס־געלערנט ווי פאַנאַנדער צו טראָגען מילך צו די בעלי־בתים. צוליעב דעם האָט די מוטער געדאַרפט אויפשטעהן אום 5 דעם זייגער אין דער פריה. אין אָנפאַנג האָט זי דערפון פערדיענט 5 גראָשען אַ טאָג; שפּעטער האָט זי שוין עטוואָס מעהר פערדינט, אָבער נאָך אַלץ ניט גענוג זאַט צו ווערען מיט ברויט. ערשט דאַן, ווען די קליינע שוועסטערל איז געשטאָרבען און עס איז געוואָרען מיט אַן „עסערקע" וועניגער, איז אונז אויסגעקומען צו גרעסערע חלקים ברויט...

## מיין ערשטע יוגענד.

ווען איך בין אַלט געוואָרען פינף יאָהר, האָב איך אָנגעהייבען צו געהן אין אַ חדר, און מיין פלייס צום לערנען איז געווען אַזוי גרויס, דאָס אין איין ווינטער בין איך דורכגעגאַנגען סידור און חומש, און האָב אָנגע־פאַנגען גמרא. צו זעקס מיט אַ האַלב יאָהר, האָט מיך מיין פאָטער ע"ה אַריינגעבראַכט אין דער ווילנער בעריהמטער ישיבה, וואָס איז בעקאַנט געווען

אונטער דעם נאָמען „ר' מאילעס קלויז", וואו עס האבען געלערענט עטליכע הונדערט איינגערע און עלטערע ישיבה־בחורים ביי די פיער ראשי־הישיבה ר' שמואל איסר; ר' הערצעלע, ר' סענדער און ר' מרדכי מעלצער ז"ל. דער לעצטער דערמאנטער איז שפעטער געוואָרען קאלוואריער רב.

די איינציגע קוועלע פאר חיונה כמעט פאר אלע ישבה־בחורים, איז געווען „עסען טעג" ביי רייכע און ביי אָרעמע בעלי־בתים, יעדען טאָג ביי אן אנדערער בעל־הבית און אויף דעם אופן האט יעדער ישיבה־בחור איבער זיך געהאט זיבען בעלי־בתים, זיבען בעלי'הבית'טעס מיט זיבען דינסטמיידלאך. מערקווירדיג איז דער פאקט, דאס זעהר אפט פלעגען די איין־און־צוואנציג נפשות ניט קענען, אדער ניט וועלען. זאט מאכען דעם איינציגען נפש פון דעם הונגעריגען ישיבה־בחור. ניט אלע ישיבה־בחורים זיינען אזוי גליקליך געווען צו האבען אלע זיבען טעג פון דער וואך; עס זיינען אויך געווען אזעלכע, וועלכע עס האט געפעהלט א טאָג, און אפט־מאל גאנצע צוויי טעג.

אבער דיזע אומגליקליכע האבען געהאט א מלאך־מושיע אין דער גע־שטאלט פון א מענשען. דאס איז געווען יענער הייליגער, וואס איז בעקאנט מיט דעם נאָמען: „ר' שמעון קאפטאן". ר' שמעון קאפטאן ז"ל איז געווען די מערקווירדיגסטע פערזאן אונטער די ווילנער אידען. זיין לעבענס־צוועק איז געווען צו פערזאָרגען די אָרעמע ישיבה־לייט, וועלכע עס האט געפעהלט א טאָג, מיט עסען און מיט אנדערע הצטרכות. פון 4 דעם זייגער פאר טאָג, ביז 12 דעם זייגער ביי נאכט פלעגט ער שטעהן אין דער „אידישער גאס" מיט א גרויסע פושקע אין די הענט און פלעגט זאמלען נדבות פאר „זיי־נע קינדער". אזוי האט ער גערופען די ישיבה־בחורים. זיין אייגענע חיונה האט ער געצווינגען פון א מלאכה. פון 12 דעם זייגער ביי נאכט ביז 4 דעם זייגער פאר טאָג, פלעגט ער רייבען שמעק־טאבאק פאר א ווילנער טאַ־באַק־מאכער. קיין מענש האט ניט געוואוסט וואו ער איז געבאָרען און פון וואנען ער האט זיך גענומען. מען האט איהם תמיד געזעהן אין א לאנגען קאפטען פון גרויען לייווענד, וואס האט געגרייכט ביז דער ערד, מיט פיער כנפות און מיט ציצות. ער האט מיט קיינעם ניט גערעדט און אויף אלע פראגען האט ער קיין ענפער ניט געגעבען. אויך די קריסטען האבען פאר איהם גרויס רעספעקט געהאט און האבען איהם געהאלטען פאר א הייליגען. אין יענע צייטען זיינען כמעט אלע ווילנער אידען גרויסע בעלי־צדקות געווען, אבער ר' שמעון קאפטאן ז"ל האט מען די נדבות מיט מעהר

חשק און מיט מעהר הערצליכקייט גענגעבען. יעדער איינער האט געגלויבט, אז ער גיט עס „גאט אליין" און איז זיכער געווען, אז זיין נדבה וועט אנקומען צום ריכטיגען פלאץ. עס איז דארום קיין וואונדער, דאס ער האט ביי די ברויט־בעקער געהאט א גרויסען קרעדיט. ער פלעגט ביי זיי נעהמען גרויסע לאבענס ברויט און פלעגט עס אוועקטראגען אין יענע ישיבות און קלויזען, אין וועלכע ער האט געהאט איניגע הונגעריגע ישיבה־בחורים, ווייל עס האט זיי געפעלט א טאג אדער צוויי טעג אין דער וואך. עס זיינען אויך געווען אזעלכע ארעמע ישיבה־בחורים, וועלכע האבען ניט געהאט ביי וועמען שבת צו עסען, און פאר זיי האט ער געזארגט אויף אן אריגינעלען אופן: יעדען שבת נאך דעם עסען, פלעגט ער זיך אוועקשטעלען אויף דעם ווילנער שול־הויף מיט א גרוסע כלי און מט גרוסע היל־צערנע לעפעל אין די קעשענעס און פלעגט זאמלען שבת'דיגע מאכלים פאר זיינע הונגעריגע ישיבה־לייט. דאס איז שוין אין ווילנא אזוי גוט בע־קאנט געווען, דאס יעדער בעל־הבית, ביי וועמען עס איז עטוואס איבער־געבליבען פון דעם שבת'דיגען „טשאלענד". האט די שיריים אוועקגעטראגען אויפ'ן שול־הויף צו ר' שמעון קאפטאן ז"ל, וועלכער האט דאס באלד צו־טיילט אונטער די ארעמע ישיבה־לייט. נאך ביז היינטיגען טאג קען איך מיך ניט דערמאנען אן דיזען הייליגען אהן טרערען אין די אויגען, און עס קומט מיר אין די געדאנקען די פראגע: וועלען מיר אידען האבען נאך אזא הייליגען, נאך אזא צדיק תמים, ווי ר' שמעון קאפטאן ז"ל איז געווען?

איך האב געהערט צו דער קאטעגאריע פון „בעלי־בתי'שע קינדער". אז איך זאל „עסען טעג", האט מיין מוטער גערעכענט פאר א גרויסען בזיון, און דארום האט זי מיך געהאלטען אויף „אייגענע שפייז". כאטש איך האב ביי די „אייגענע שפייז" א סך מעהר געהונגערט פון אנדערע „טעג־עסער". יעדען זונטאג אין דער פריה, ווען איך פלעג דארפען אוועקגעהן אין דער ישיבה אויף א גאנצע וואך, פלעגט זי מיר מיטגעבען א לעבעל ברויט מיט 5 גראשען מזומן. צוויי מאל אין טאג פלעגט איך מיר קויפען פאר א האל־בען גראשען געקאכטע ארבעס צום ברויט, און דער געקאכטער ארבעס האט ביי מיר פערטראטען די שטעלע פון אלע מעדני־מלכים. עס איז גאנץ נא־טירליך, אז אזא ארעמע שפייז האט אזא אינגעל ווי איך, וואס איז אויפ־געהאדעוועט געווארען אין יראת־שמים, וויייניג געקימערט. איך האב שוין דאמאלס די וועלט געהאלטען נאר פאר א פארצימער, וואו דער איד איז זיך מכין ארייגצוקומען אין דעם פיינעם „זאאל", און דארטען, אין יענעם

„זאאל" וועט שוין זיין אי א חלק „לויתן", אי א קאטלעט פון „שור־הבר", אי א גלעזעל וויין פון דעם „יין המשומר" און נאך אנדערע נאשערייען.

יעדען דאנערשטאג ביי נאכט, איז תמיד געווען דער „משמור", דאס הייסט: מען האט די גאנצע נאכט ניט געדארפט שלאפען און איבער־חזר'ען די גמרא, וואס מען האט געלערנט א גאנצע וואך. א שווערע שטיקעל ארבייט! אבער פאר אזא פייערדיגען מתמיד ווי איך בין געווען, איז דאס געווען א קלייניגקייט. יעדען פרייטאג אין דער פריה פלעג איך עולה־לרגל זיין אין אנטאקאליע צו מיין מוטער אויף שבת.

די שבתים און די ימים־טובים, וועלכע איך האב פערבראכט צוזאמען מיט מיין מוטער און מיט מיין אינגערן ברודער עקיבא, האבען מיר אויך קיין פערגעניגען פערשאפט. איך האב געזעהן, אז, אום מיך זאט צו מאכען, גיט זי מיר אוועק איהר לעצטען ביסען און אליין בלייבט זי הונגעריג, דא־רום האב איך מיר באשלאסען מעהר ניט צו עסען ביי מיין מוטער. דער ראש־הישיבה, ביי וועלכע איך האב געלערנט, האט מיר זעהר געזשאלע־וועט, און ווייל ער האט מורא געהאט, אז דער הונגער און די גרויסע דחקות וועלען מיך צווינגען ארויסצוטרעטען פון דער ישיבה, האט ער באוואוי־גען די פרוי שרה גאו־דאז, מיינע א ווייטע קרובה, אז זי זאל מיך אונטער־שטיצען, יענע גוטע פרוי האט איהם געפאלגט און האט מיר אנגעדונגען קעסט פאר 10 גילדען א חודש בתנאי, אז איך זאל זיצען און לערנען. דאס האט געדויערט צוויי יאהר צייט.

אין יענער צייט האט אויסגעבראכען דער קרימער קריעג, יענע שרעק־ליכע קריעג (אין די יאהרען 1853־1856). ווען ניקאלאי דער ערשטער האט זיך געשטעלט געגען טערקיי ענגלאנד, פראנקרייך און סארדיניען. רוסלאנד האט איהר גאנצע ארמעע צוזאמענגעצויגען ארום סעוואסטאפאל און האט אנגעשטריינגט אלע איהרע קרעפטען די פעסטונג פון סעוואסטאפאל צו פערטהיידיגען. אין יענער צייט האט רוסלאנד נאך ניט געהאט קיינע איי־זענבאהנען, דארום זיינע כמעט אלע טראנספארטען און אלע פאדריאדען, וואס מען האט געדארפט אויספירען צום קריעג, איבערגעגעבען געווארען אין אידישע הענד. דאס האט אין גאנץ רוסלאנד שטארק אויפגעהויבען די פרנסה און אזוי אויך ביי אונז אין ווילנא. בעלי־מלאכות און ארבייטער האבען אנגעהויבען געשמאק צו פערדינען, און דורך דעם האבען זיך זעהר פיעל אידען, וואס האבען זיך פריהער געשעהמט מיט א מלאכה, גענומען לערנען פערשידענע מלאכות.

ווי יונג איך בין נאך דאמאלט געוועזן, איז מיר דאך אין די געדאנקען געקומען דער תלמודישער מאמר: „אהוב את המלאכה ושנא את הרבנות". איך האב איינגעזעהן, אז טויזענד אידען דארפען נאר איין רב, אבער א בעל־מלאכה דארפען אלע טויזענד, און דארום האב איך מיר באשלאסען צו לערנען א מלאכה. א פראסטע גראבע מלאכה האב איך ניט געוואלט לערנען און איך האב מיר אויסגעקליבען די מלאכה פון א שמוקלער, אדער א „העפטער", וואס מאכט די מיט גאלדענע פעדים אויסגעהאפטע קאל־נערס פאר מיליטערישע און ציווילנע בעאמטע. איך בין דעמאלט אלט געווען 10 יאהר, און ווי דער שטייגער איז געווען אין יענע צייטען, האב איך מיך געמוזט שטעלען לערנען די ארבייט ביי א שמוקלער אויף זעקס יאהר, בתנאי, אז נאך דעם משך פון די זעקס יאהר, מוז ער מיר אויסצאהלען 20 רובעל. מען האט אפגעשריבען א קאנטראקט אין דער צעך, איך האב אויף דעם קאנטראקט אונטערגעשריבען מיין נאמען און איך האב מיר גענומען לערנען די שמוקלעריי..

אין א יאהר ארום, האב איך די שמוקלעריי אזוי געקענט, דאס אלע אנדערע „העפטער" אין ווילנא האבען מיך געהאלטען פאר א קינסטלער אין דער מלאכה. ביסלעכווייז האב איך פון מיר אפגעטרייסעלט דעם ישיבה'שען שטויב, די קלויזנערשע געדאנקען און הנהגות, איך האב שוין זיך בעסער צוגעקוקט צו דעם געוועהנליכען פראזאאישען לעבען און האב שוין אנגעהויבען צו פערשטעהן, אז עס זיינען דא אויף דער וועלט נאך פיעל נוצליכע זאכען, וואס דער מענש דארף קענען, א.ז איך האב צו זיי גרויס חשק בעקומען. עס איז מיר שוין דעמאלט קשה געווארען דער אומ־שטאנד, פאר וואס האלט מען יענע יונגע לייט, וואס לערנען דעם תנ"ך, פאר אפיקורסים? פאר וואס ווערען אזוי פערפאלגט יענע יונגע לייט, וואס קענען לשון־קודש? דאס איז דאך די שפראך פו אונזערע הייליגע כהנים, לויים און נביאים! דאס איז דאך די שפראך אין וועלכע משה רבינו האט פאר אונז די תורה געשריבען! שטילערהייד און אין דער צייט, ווען איך בין פריי געווען פון דער ארבייט, האב איך אנגעהויבען לערנען תנ"ך און בין איהם קלאר געווארען אויסווייניג. איך האב די גלדענע שורות פשוט געשלונגען ווי א הונגעריגער און זיי האבען מיך בעגייסטערט אין העכס־טען גראד. דעם ערשטען פאעטישען פונק אין מיין נשמה, האט אנגעצונדען דער תנ"ך. אין יענע איינזאמע און שטילע שטונדען, האב איך מיך גע־לערנט שרייבען און רעכענען ביז אלגעברא. אום מיין וויסען צו פערגרעסע־

רעז, האב איך מיך אויך גענומען צו די פראדוקטען פון דער נייער אידישער ליטעראטור, וועלכע מען האט דאמאלס גערופען „ספרים חצונים“. אדער „טרייף־פסל'ס“. ידעם גרעסטען איינדרוק האט דאמאלט אויף מיר געמאכט ר' נפתלי הערץ וויזל מיט זיינע ספרים אין פראזא און מיט זיינע „שירי־תפארת“. דעם ערשטען שיר, וואס איך האב געשריבען, איז געוועזן דער שיר „ציון מכלל יופי“ אין לשון־קודש. איך האב איהם געשריבען תשעה־באב אין יאהר תרי"ג. נאך היינט ווערט דיזער שיר געזונגען אין פיעלע אידישע הייזער אין דער ליטא.

עס איז מיר אבער ביי מיין בעל־הבית, דעם שמוקלער, זעהר שלעכט געוועזן. און ווייל איך בין געבונדען געוועזן מיט א קאנטראקט, האב איך אויף אן אנדער פלאץ ניט געקענט אנקומען, און מעהר ליידען האב איך שוין ניט געקענט. דארום האב איך פארלאזען ווילנא און בין צופוס אוועק נאך דער שטאדט בויסק אין קורלאנד, און האב דארטען צוויי יאהר געאר־בייט ביי א שמוקלער. און ווייל איך האב מיך אין גאנצען ניט געוואלט אפרייסען פון לערנען, האב איך ביי נאכט געלערנט ביי ר' יענקעלע בויסקער, דער רב פון שטאדט. צו דערזועלביגער צייט האב איך אויך פליי־סיג געלעזען די ווערק פון אברהם מאפו, פון מרדכי־אהרן גינצבורג, פון קלמן שולמאן און פון אנדערע ליטעראטען און האב מיר ערווארבען א גרויסע ידיעה אין דער העברעאישער שפראך.

## די יונגע קרבנות.

די אידישע ליידענס־געשיכטע איז א בוך, וואס יעדער בלאט האט אויף זיך א גרעסערען, אדער א קלענערען בלוט־פלעק. דיזע בלוט־פלעקען שטע־לען פאר די פינסטערע פעריאדען אין דער אידישער געשיכטע. מיט שרעקען דערמאנען מיר די צייטען, ווען מען האט אין מצרים ניי־געבארענע קינדער געווארפען אין דעם טייך נילוס, ווען די בארבארישע כשדים האבען אויף שטיינער צערשמעטערט די קעפ פון אידישע עופה'לאך, ווען אנטיוכס און טיטוס האבען טויזענדע אידישע קינדער פערקויפט פאר שקלאפען און ווען די שפאנישע אינקוויזיטארען האבען זיי הונדערטערווייז געבראטען אויף דעם פייער פון די אויטאדאפעס. אבער דעם גרעסטען בלוט־פלעק אין אונזער געשיכטע שטעלט פאר יענע שרעקליכע פעריאדע אין די צייטען פון קייזער ניקאלאי דעם ערשטען, ווען יונגע אידישע קינדער זיינען מיט געוואלד ארויס־געריסען געווארען פון זייערע עלטערנס ארעמס און זיינען אפגעגעבען גע־

ווארען פאר סאלדאטען. ווען מיר געהען דורך די איינצעלהייטען פון דיזען ווילדען בארבאריזמוס, וואס האט ניט זיין גלייכען אין דער אלגעמיינער וועלט-געשיכטע, ווערט דאס בלוט אין אונזערע אדערען פערפראַרען פאר שרעק. יענע מוטערס, ביי וועלכע די מצרים, די כשדים, די רוימער און די שפאנישע גלחים האבען אוועקגענומען די קינדער, האבען זיך וויינינגסטענס געקענט טרייסטען מיט דעם געדאנקען, דאס זייערע קינדער זיינען בעפרייט געווארען פון שווערע און לאנגע ליידען דורך א גיכען טויט די אידישע מוטערס, אין די צייטען פון קייזער ניקאלאי דעם ערשטען, האבען אפילו דיזען „טרייסט" אויך ניט געהאט. מען פלעגט ביי זיי מיט געוואלד אוועק רייסען זייערע עופה'לאך, מען פלעגט זיי פערטרייבען אין די וויטע שנעע-פעלדער פון סיביר, אדער אין די סטעפּעס פון קאווקאז, מען פלעגט זיי איבערגעבען צו בארבארישע מוזשיקעס, אדער צו ווילדע קאזאקען, וואס האבען זיי געדארפט ערציהען פאר סאלדאטען, און די מוטערס האבען זיי שוין מעהר ניט געזעהן. א טהייל פון דיזע יונגע אידישע קרבנות האט מען מיט געוואלד אפּגע'שמד'ט און זיינען פערבליבען אין יענע וויטע געגענ־דען, און א צווייטער טהייל פון זיי, וואס האבען זיך ניט געלאזט שמד'ען זיינען פערקנוטעוועט געווארען,אדער דערטרונקען געווארען אין די טיי־כען.

צו אונזער אייביגער שאנדע מוזען מיר נאך צוגעבען, אז דיזער ווילדער בארבאריזמוס, האט געשטאמט פון אונז אידען אליין. אונזערע אייגענע מנהיגים און ראשי־הקהל פון יענער צייט זיינען געווען די תלינים פון די אידישע קינדער. און ווייל דיזע בלוטיגע עפאכע האט געשפילט א גרויסע ראלע אין מיין לעבען, וויל איך זי אביסעל אויספיהרליכער בעשרייבען.

אין יענע צייט האבען די אידען אין רוסלאנד געהאט א מין אייגענע אויטאנאמיע. יעדע אידישע קהלה האט געהאט איהרע אייגענע אידישע מנהיגים מיט א ראש־הקהל, וואס איז געווען דער עלטסטער איבער די דאַ־זיגע מנהיגים. געוועהנליך האט יעדע קהלה, געהאט אזעלכע 24 מנהיגים, וועלכע מען האט גערופען „דעפּוטאטען", און דער ראש־הקהל איבער זיי איז געווען דער „איזבארשטשיק." דיזע דעפּוטאטען מיט דעם איזבארשטשיק זיינען געווען די פעראנטווארטליכע פערזאנען פאר דער רעגירונג. זיי האבען געדארפט איינמאנען דעם „קאפּ־שטייער" און אנדערע אפּצאהלונגען (פּאַ־ראטקעס), וועלכע די רעגירונג האט ארויפגעלייגט אויף די אידען. און זיי האבען געדארפט צושטעלען די געוויע צאהל אידישע רעקרוטען צו דער

ארמעע. פּאַדאַטקעס זיינען געווען צווייערליי: סתם "קאַפּ־געלד„ און "ליכט־געלד" (סוועטשנאַי סבאָר). די סומען פון דעם „קאַפּ־געלד" פלעגט די רע־גירונג צו נעהמען פאַר זיך און דער סוועטשנאַי־סבאָר איז פערווענדעט געוואָרען אויסצוהאַלטען די צוויי ראַבינער־שולען אין ווילנא און אין זשי־טאָמיר, וואָס האָבען די רוסישע אידען פערזאָרגט מיט „געבילדעטע רבנים". אין יענע שולען האָט מען די תלמידים, חוץ ריין אידישע געגענשטענדע, אויך געלערנט רוסיש, געאָגראַפיע, וועלט־געשיכטע, מאַטהעמאַטיק און אַנ־דערע וויסענשאַפטען. דיזע שולען זיינען ביי דעם המון פון יענער צייט שטאַרק פערהאַסט געווען און די לעהרען האָט מען געהאַלטען פאַר אפּיקורסות.

על פּי רוב זיינען די דעפּוטאַטען און די איזבאַרשטשיקעס געווען האַר־טע און האַרצלאָזע מענשען, וואָס האָבען פאַר דעם המון ניט געזאָרגט און האָבען נאָר געזוכט זייער אייגענעם פּראָפיט. אויסער די בעשטימטע סו־מען פּאַדאַטקעס, וואָס די רעגירונג האָט אַרויפגעלייגט אויף די אידען, האָבען זיי דעם אָרעמען עולם נאָך בעלעסטיגט מיט אַנדערע אָפּצאָהלונגען, אום זייערע קעשענעס אָנצופילען. ווי דער שטייגער איז ביי אַלע נידעריגע מענשען, פלעגען זיי חנפ'ען די גבירים און די רייכע בעלי־בתים, און פון דעם אָרעמען המון פלעגען זיי שינדען די הויט מיט גרוים אכזריות. די צייט, ווען זיי פלעגען די פּאַדאַטקעס איינמאַנען, איז תמיד געווען א בהלה אין שטאָדט. זיי פלעגען אָנקומען מיט פּאָליציייסקע און מיט קאָזאַקען אין די אָרעמע הייזער און פלעגען צו נעהמען אַלעס, וואָס זיי האָבען געפונען אין הויז. אַרויסרייסען די קישענס פון אונטער א קראַנקען, אדער צונעהמען פּרייטאָג פאַר־נאַכט די לייכטער צוזאַמען מיט די „בענש־ליכט", איז ביי זיי געווען א געלעכטער. די זאַכען פלעגען אַלס משכנות אָוועקגעטראָגען ווע־רען אין „קהל־שטיבעל", וואָס איז דעמאָלס געווען אָן אייביגער ברונען פון אי־דישע טרעהרען, דער לעבעדיגער בית־עולם, אויף וועלכען גרוים און קליין פלעגען קומען קלאָגען און וויינען.

נאָך גרעסער און שרעקליכער זיינען געווען די אכזריות פון די דעפּוטאַ־טען און פון די איזבאַרשטשיקעס ביי דער רעקרוטירונג. די דאָזיגע „פיינע אי־דען" און די לאַנגע כאַלאַטען מיט די „הייליגע" שטריימעלאַך אויף די כשר־געגאָלטע קעפּ, פלעגען דאַמאָלס פערוואַנדעלט ווערען אין רייסענדע וועלף, אין בלוטדורשטיגע טיגערס. אויך אין דעם פאַל, ווי ביים נעהמען פּאַ־דאַטקעס, זיינען די גבירים און די רייכע בעלי־בתים פון זיי גע'חנפ'עט

געוואָרען: זייערע קינדער האָט מען פאַר רעקרוטען נישט גענומען. און דער איינציגער שעיר גבירים לעזאזל איז געווען דער אָרעמער הילפלאָזער המון. ער, דער אָרעמער המון, האָט געדאַרפט אוועקגעבען זיינע קינדער, אום די צאָהל פון די רעקרוטען פול צו מאַכען.

ווילנא האָט אין יענער צייט איז איהר „סקאַזקע“ (צענזוס פון די ביר־גער) געהאַט אונגעפעהר 25,000 פול־יעהריגע אידען. דער קייזערליכער אוקאַז צו נעהמען רעקרוטען פלעגט על פי רוב זיין 10 רעקרוטען פון יעדע טויזענד מענשען. ווילנא האָט פון אידען אליין געדאַרפט צושטעלען ביז דעם ערשטען נאָוועמבער 250 אידישע רעקרוטען. רעקרוטען פלעגען גענו־מען ווערען אין דעם עלטער פון 18 ביז 21 יאָהר. דער איזבאָרשטשיק האָט יעדען אידישען בחור געקענט מאַכען פאַר אינגער, אָדער עלטער, ווי איהם האָט געפאַסט צום „עסק“. די צייט פון דיענסט איז געווען 25 יאָהר ווירק־ליכער דיענסט (דייסטוויטעלנאַיאַ סלוזשבאַ). יעדען צעהנדליג רעקרוטען האָט מען אוועקגעגעבען צו אַ „דיאַדקאַ“. דאָס הייסט: אַן עלטערער סאָל־דאַט, וואָס האָט זיי געדאַרפט איינדרילען צום דיענסט. דער „דיאַדקאַ“ האָט געהאַט דאָס רעכט צו טהאָן מיט זיינע „תלמידים“, וואָס זיין האַרץ האָט געלוסט. ער האָט געקענט דערלאַנגען דעם רעקרוט אַזאַ זעץ אין באַק, דאָס עס פלעגען איהם אַרויספאַלען פינף ציינער אויף איינמאָל. אויף דעם איז ניט געווען קיין קלאָגער און קיין ריכטער. פאַר בעקלאָגען זיך פאַר אַ העכ־ערען בעאַמטען, האָט דער אומגליקליכער רעקרוט בעקומען פייערדיגע שמיץ מיט ריטער. די גאַנצע דיענסט־צייט איז געווען אַ צייט פון הונ־גער, מאַנגעל, נויט און קלעפּ. דעם צונויפגעקייקעלטען שינעל (פלאַשץ) די פּאַר זאַפּאַסנע שטיוועל, דעם שווערען ביקס מיט דעם שווערען פּאַט־ראָן טאַש און די בלעכענע כלי מיט וואַסער, אַלעס צוזאַמען איז דער געוויכט פון 300 פונט. האָט ער שטענדיג געמוזט טראַגען אויף זיך, ווען ער איז געשטאַנען אויף דעם עקסערציר־פּלאַץ, אָדער ווען מען האָט איהם אוועק־געשטעלט אויף דער וואַך. זעהר אָפט פלעגט ער מיט דער שווערער משא מוזען מאַכען דעם שטורם־מאַרש (ביעגאָם מאַרש). אַלע זיינע גליעדער זיינען תמיד געווע צושלאָגען און בעדעקט מיט וואונדען. אַלע האָבען איהם געשלאָגען, פון דעם נידעריגסטען אונטער־אָפיציר, ביז דעם ראָטנעם קאָ־מאַנדיר. די שפּייז איז געווען אַזוי שלעכט דאָס קיין הונגעריגער הונד וואָלט עס ניט אָנגעריהרט. אַ וואָרעם, וואָס קריכט אום אויף דער ערד האָט מעהר ווערטה געהאַט ווי אַ רעקרוט. בפרט נאָך אַ אידישער רעקרוט. פאַר די קלענ־

סטע זינד האט מען איהם בעשטראפט מיט ארעסט אין א פינסטערן קאר־צער, אדער מיט ריטער. דער אידישער רעקרוט האט א אידען קיינמאל אין די אוינגען ניט אנגעזעהן, פון שבת און יום־טוב האט ער ניט געוואוסט, ווייל מען פלעגט איהם פערטרייבען אין יענע ווייטע גובערניעס, וואו אידען טארען ניט וואוינען. ווען די אידישע מוטער וואלט געהאט די ברירה, וואלט זי איהר קינד בעסער געלאזט בעגראבען לעבעדיגערהייד, איידער אוועק־צוגעבען צו אזא קייזערליכען דיענסט.

ווען עס האט אויסגעבראכען די קרימער קריעג און רוסלאנד האט גע־דארפט שטעלען אין פעלד א גרויסע ארמעע, איז ארויסגעגעבען געווארען אן אוקאז, דאס יעדער יונגער מענש, וואס איז ניט פערהייראט, מוז ווערען א סאלדאט. אום זיך צו וועהרען געגען דעם ביטערען אוקאז, זיינען די אידען געפאלען אויף א המצאה. כדי זיך אויסצוקויפען פון וואיענע סלוזשבע, האבען זיי חתונה געמאכט גאנץ יונגע קינדער. דיעזע פעריאדע איז אונטער די רוסישע אידען בעקאנט געווען אונטער דעם נאמען: „די בהלה“. מען פלעגט חתונה מאכען 8 אדער 10 יאהריגע אינגלאך מיט 8 און 10 יאהריגע מיידלאך, און אויף דעם אופן, האבען זיי זייערע קינדער בעפרייט פון דינסט. דאס האט אבער געפירט דערצו, דאס קהל האט ניט געהאט וועמען אפצוגעבען פאר סאלדאטען, ביז עס איז ארויסגעגעבען גע־ווארען דער אוקאז פון די „קאנטאניסטען“, דאס הייסט: יענער אונמענש־ליכער אוקאז, וואס האט ערלויבט צו נעהמען פאר סאלדאטען קינדער פון 8 ביז 18 יאהר. ביז 18 יאהר פלעגט מען זיי ערציהען און פון 18 יאהר האבען זיי ערסט געדארפט דינען גאנצע 25 יאהר.

די „קאנטאניסטען“, דאס הייסט, די קינדער פון 8 ביז 18 יאהר וועלכע מען האט פריהער געדארפט אויסהאדעווען, פלעגט מען אוועקשיקען אין טיעף רוסלאנד, אין סיביר, אדער אין קאווקאז, און מען פלעגט זיי אוועק־געבען צו די מוזשיקעס אין די דערפער. דער קאנטאניסט איז די גאנצע צייט געווען דעם מוזשיק׳ס אייגענטהום. ער האט מיט איהם געארבייט ווי מיט זיין פערד, נאר מיט דעם אונטערשיעד, דאס ווען זיין פערד איז גע־פאלען, האט עס דער מוזשיק בעטראכט אלס געלד־פארלוסט, אבער אז דער אידישער קאנטאניסט איז ביי איהם געשטארבען פון הונגער, פון קעלט, פון א קראנקהייט אדער פון קלעפ, האט ער זיך אפילו נישט א קרים גע־טאן. קיינער האט פון איהם זיין בלוט ניט געמאהנט און קיינער האט פון איהם דעם נפש ניט געפאדערט. פארשארט אין דער ערד און א סוף!

דאס אונגליקליכע קינד האט ניט געהאט ווער עס זאל איהם וואשען און קאַ־מען, און ווען ער איז פון שמוץ פערקרעציגט געווארען, האט דער מוזשיק מיט איהם געמאכט א קורצען פראצעס: ער פלעגט איהם ארייגווארפען אין טייך און דערטרינקען. ער האט אויך ניט געהאט, וואס צו זשאלעווען. אויף זיין פלאץ האט ער צו יעדער צייט געקענט בעקומען צעהן אנדערע אי־דישע קינדער. די רוסישע גלחים פון די דערפער האבען דאס אנגענומען פאר א בעזונדערע מצוה די אידישע קינדער צו שמד'ען, און וועה איז געווען יענעם אומגליקליכען אידישען אינגעל, וואס האט ניט געוואלט קושען דעם צלם און עסען חזיר! מען האט איהם אזוי לאנג געמאטערט און געפיי־ניגט מיט אלערליי יסורים, ביז דער טויט האט איהם בעפרייט פון זיין עלענדען לעבען...

נון, קען מען זיך לייכט פארשטעלען ווי גרויס מיין שרעק און מיין פערצווייפלונג איז געווען, ווען איך האב פלוצלונג פון מיין מוטער בעקומען א בריעף מיט דער בייזער בשורה, דאס מיין אינגערער ברודער עקיבא צונזער איז אפגעגעבען געווארען פאר א סאלדאט. ער איז דאמאלס 9 יאהר אלט געווען און איך ביז דאמאלס גראדע בר־מצוה געווארען. דיזער בליץ פון לויטערן הימעל האט מיך אין גאנצען פאראלאזירט. איך האב פערלארען די לוסט צו דער ארבייט און מיין הארץ האט מיך געצויגען צוריק צו מיין אומגליקליכער מוטער, וואס איז איבערגעבליבען אין גרויס יאמער און עלענד. ניט האבענדיג א גראשען געלד אויף הוצאות, האב איך די ווייטע שטרעקע פון בריסק ביז ווילנא געמאכט צו־פוס.

מיט א שטורם הייסע טרערען האט מיך מיין ארימע מוטער צוגע־דריקט צו איהר ברוסט. „איצט ביזטו מיין איינציגער, מיין איינציגער! מעהר האב איך קיינעם ניט אויף דער וועלט!" האט זי געיאמערט. דאן האט זי מיר דערצעהלט פון דעם אומגליק. עס איז געווען ביי נאכט. מיין ברודער עקיבא איז געזעסען אויף איהר שויס און זי האט מיט איהם געלייענט קריאת־שמע ווי תמיד. איידער זי פלעגט איהם לעגען שלאפען. פלוצלונג זיינען אנגעקומען די כאפערס. ווי א טיגערין, ביי וועלכע מען וויל אוועק־געהמען די קינדער, האט זי זיך געוועהרט. מען האט דאס קינד פון איהרע אדעמס ארויסגעריסען און מען האט איהם אוועקגעטראגען, ווען זי איז א צושלאגענע און א האלב־טויטע געלעגען אויף דער ערד. א קורצע צייט נאך דעם, האט מען איהם אנגעטהאן א גראבען שינעל און מען האט איהם צוזאמען מיט נאך אנדערע קינדער אוועקגעשיקט נאך סיביר...

נאך די געזעצען האט מען מיין ברודער נישט געטארט אבגעבען פאר א סאלדאט. מיר זיינען נאר צוויי קינדער געוועזן אין דער פאמיליע, און דאס געזעץ האט פארלאנגט, אז נאר א פאמיליע, וואס בעשטעהט פון דריי און מעהר מיטגליעדער, דארף איינעם שיקען דינען אין דער ארמעע. אבער ווער האט אין יענער צייט געקוקט אויף געזעץ און יושר! מיט די ארעמע לייט האט מען געטאן, וואס מען האט געוואלט. די רייכע פלעגען זייערע קינדער אויסקויפען מיט געלד און די קינדער פון די ארעמע האבען געמוזט אוועקגעבען זייערע קעפ פאר די רייכע...

## דער טייוועל כאפט דעם „מלמד".

נאהנטע צרות מאכען פארגעסען די וועיטע, פיעל צייט צו באוויינען מיין פערלארענעם ברודער האבען מיר מיינע אייגענע צרות ניט פערגונען. איך האב באלד איינגעזעהן, אז איך מוז ווידער פאר זיך אליין זארגען, ווייל מיין ארעמע מוטער איז ניט אימשטאנד געוועזן מיט אויסצוהאלטען. איך מוז מיר מיין ברויט פערדינען. די שמוקלעריי האב איך שוין דעמאלס זעהר גוט געקענט, אבער איך האב מיך ניט געקענט שטעלען צו דער ארבייט ביי א שמוקלער, איבער דעם קאנטראקט, וואס האט מיך געהאלטען פערבונדען צו דעם ערשטען שמוקלער אויף גאנצע זעקס יאהר. דארום האב איך מיך ענטשלאסען צו וואנדערען מיט דער האפנונג, אפשר וועל איך געפינען מיין "גליק„ אין אן אנדער שטאדט. איך האב מיך געזעגענט מיט מיין מוטער און בין אוועק צו פוס איבער דער גרויסער וועלט...

ראש-חודש אלול (תרי"ד) בין איך נאך לאנגען וואנדערען אנגעקומען אין דער שטאדט באברויסק, מינסקער גובערניע, ווי עס איז געוועזן צו ערווארטען, האב איך דארטען נישט געפונען קיין שמוקלער, ביי וועלכען איך זאל קענען ארבייטען און פערדינען מיין ברויט. עטליכע טעג בין איך ארומגעגאנגען אין די באברויסקער גאסען און האב געזוכט „דעם נעכטיגען טאג". ענדליך האב איך דעם „נעכטיגען טאג" געפונען אין דער נעשטאלט פון דעם חזן יואל איהומענער (א חזן מפורסם אין יענער צייט!) וואס פלעגט אלע יאהר קומען דאוונען „מוספים" אין באברויסק. ווען ניט קיין ארבייט ביי א שמוקלער, פאר וואס ניט עפעס וואס פערדינען ביי א חזן? האב איך מיר געטראכט און בין אוועקגעגאנגען צו יואל איהומענער. ער האט מיך פארהערט און האט געפונען, אז איך האב א פיינע שטימע

און א גוטען „געהער“, דאס הייסט: א חוש־השמיעה. ער האט מיך צו־גענומען פאר א משורר פאר דעם פרייז פון צוויי רובעל (הערט א גליק!!) איבער אלע ימים־טובים. קעסט האט ער מיר פארזארגט ביי דעם גבאי פון שול מיט די ערלויבנים די גאנצע צייט צם שלאפען אין שול אויפ׳ן באנק.

אין יענער צייט האב איך פערפאסט מיין ליעד „דאס ליכט“ און באלד נאך דעם א צווייטע ליעד מיט דעם נאמען: „ר׳ תחנון“. דאס ליעד „ר׳ תחנון“ האט געהאט א גרויסען ערפאלג. דאס פאלק האט עס אויפ־געכאפט ווי אן אבן־טוב און מען האט עס איבעראל געזונגען מיט פארגעני־גען. די נאכט פון „שמחת בית חשואבה“ האבען מיר זעהר פריילין פער־בראכט ביי דעם גבאי אין הויז און שפעטער אין שול. מען האט גע־זונגען אין קאהר מיין ליעד „ר׳ תחנון“ און אלע חסידים זיינען פון מיר, דעם יונגען מחבר, נתפעל געווארען. די אלגעמיינע פרייד האט מיך אבער זעהר ווייניגער בעריהרט און מיט דעם כבוד האב איך מיך אויך ניט גע־קאנט טרייסטען. די פראגע: וואס וועט מיט מיר זיין נאך יום טוב, איז מיר געשטאנען פאר די אויגען ווי א פינסטערער וואלקען.

די ימים־טובים האבען זיך געענדיגט, דער חזן האט מיר בעצאלט די צוויי רובעל און האט מיר געהייסען געהן. וואוהין? דאס האבען מיר ביידע ניט געוואוסט! און פארקעהרט, וואס איז מיר געווען דער חילוק וואו־הין? די וועלט איז געגוג גרויס, און אידען זיינען דא, אהן א עין־הרע, א סך, וואס מאכט מיר אוים וואוהין איך וועל געהן!...

עס איז שוין אבער זעהר קאלט געווען נאך די ימים טובים און איך האב אויף מיין לייב נאר געהאט מיין דינעם זומערדיגען בגד. און ווייל איך האב געהאט א קאפיטאל מיט געלד (די צוויי רובעל פון יואל אי־הומענע־ר), האב איך מיר געקויפט אויפ׳ן מארק א „פוטער“. מענשען מיט שוואכע נערווען קענען חלילה חלש׳ען פאר שרעק פון דעם ווארט „פוטער“, דארום אייל איך מיך זיי צו בארוהיגען מיט דער ערקלערונג, אז אין יענער צייט, האט א פוטער געהייסען „פוטער“ נאר דערפאר, ווייל דער בגד האט נאר געהאט א פוטערנעם קאלנער; די איבריגע חלקים פון דעם זאגענאנטען „פו־טער“, האבען א האאר אין זייערע אויגען ניט געזעהן. עס זיינען דאמאלס געווען „בוטערס“, וואס האבען אפילו א פוטערנעם קאלנער אויך ניט גע־האט. נאר א „לעתיד־לבוא־קאלנער“, דאס הייסט: א קאלנער, וואס האט

געהאט די האפנונג, אז ער וועט בעזרת השם וועז עס איז בערעקט ווערעז מיט א שטיקעל קאץ אדער פוקס.

אין עטליכע טעג ארום, ווען איך האב שוין ארומגעשטאלצירט אין די באברויסקער גאסען אין מיין „פוטער" האב אי ך מיך צוזאמענגעטראפען מיט א ישובניק, וואס האט געוויינט אין א דארף פינף ווערסט פון שטאדט. ער האט געזוכט א מלמד פאר זיינע קינדער. איך האב זיך איהם אנגעבאטען אנצונעהמען די „שטעלע" און בין מיט איהם באלד אייניג געווארען. מיינע שכירות זיינען געווען 25 רובעל פאר דעם גאנצען זמן (זעקס חדשים), מיט דעם רעכט צו שלאפען אויף דעם וואַרעמען אויווען.

עס איז א כלל אין דער וועלט, אז דער איד עסט, כדי ער זאל קענען לעבען; ביי דעם קריסט איז דער כלל פערקעהרט: ער לעבט, כדי ער זאל קענען עסען. מיין נייער בעל הבית האט זיך אויסגעזוכט נאך א נייעם כלל: ניט עסען און ניט לעבען, ניט לעבען און ניט עסען. אט אזוי זיך „אפשטופען" די ביסעל יאהרען! און צום „אפשטופען" איז שוין גענוג א שטיקעל ברויט געבאקען פון מעהל, וואס זיינען געמאכט פון האבער און גערשטען, מיט א טעלערל קרופניק (גרויפען), אין וועלכען מען פלעגט אריינגיסען עטליכע טראפענס אייל, כדי פעט צו מאכען די צרות... די גאנצע וואך פלעגט קיין פלייש אין הויז ניט אריינקומען און מען פלעגט די וואכעדיגע טעג „אפשטופען" מיט דעם לחם־הקלקל און מיט דעם דינעם קרופ־ניק, אין וועלכען אפילו די אידישע „כאפערס" פון יענער צייט, וואלטען שווער געקענט כאפען א גרויפ, נאר צוליעב דעם „ענג־שבת", פלעגט דער ישובניק ברייגנען פון שטאדט א שעפסענע קעפעל, און פון דעם דאזיגען קעפעל, פלעג איך מיך אויך „קוויקען" מיט א מאגערען ביינדעל. דעמזעלבען אייל, מיט וועלכען מען פלעגט ווייך מאכען די יסורים פון עסען, האט מען אויך פערווענדעט צו בעלייכטען די הויז, און פאר אזא ליכט פלעג איך זיצען גאנצע זעקס שעה אין טאג און הייזעריג ווערען שרייענדיג מיט מיינע דריי „מופלגים". וואס זיינען אין לערנען ניט העכער געשטאנען פון די קינדער פון די מוזשיקעס אין דארף. עס איז גאנץ נאטירליך, דאס נאך אזא שווערע הארעוואניע, נאך זעקס שטונדען „אקערען" און „בראנעווען" מיט דריי „אקסען" פלעגט מיר דער קרופניק שמעקען ווי מארציפאנעס און איך פלעג איהם כאפען ווי דעם צנצנת־המן...

בינו־לבינו זיינען אויף מיר מיינע קליידער צוריסען געווארען, און וויל עס זיינען דאמאלס געשטאנען 25 גראדיגע פרעסט, בין איך שיער

קראנק געווארען פאר קעלט. אום זיך אביסעל בעסער בעקליידען, האב איך ביי מיין בעל הבית אנגעהויבען צו מאהנען מיינע שכירות. עטליכע מאל האט ער זיך פון מיר ארויסגעדרעהט מיט פוסטע תירוצים פסח־צייט האט ער מיר אנגעזאגט די בשורה, אז ער וויל מיך האלטען אויף א צווייטען זמן, און דאן וועט ער מיר שוין געבען געלד וויפיעל איך וועל בעדארפען. ניט האבענדיג קיין אנדער ברירה, בין איך ביי איהם געבליבען און בין די גאנצע צייט ארומגענאנגען נאקעט און בארוועס. חול־המועד פסח האב איך אנגעשריבען מיין ליעד „דאס אויג", אין וועלכען איך האב געזונגען פון מיינע אייגענע צרות.

אויף שבועות האט ער מיך אויך אפגע'פטר'ט מיט פוילע תירוצים, און נאך שבועות ווען איך האב ביי איהם אנגעהויבען שטארק צו מאהנען מיין געלד, איז ער געפאלען אויף א „קלוגע המצאה" ווי אזוי פון מיר לויז צו ווערען. ער איז אוועקגעפארען אין באברויסק, איז געקומען צו באב־רויסקער קהל און האט ערקלערט, אז אויב מען וועט איהם ניט בעצאלען, וועט ער זיי געבען א „נפש". מען האט איהם בעצאלט 25 רובעל און מען האט איהם מיטגעגעבען א „כאפער" מיט צוויי קאזאקען, וואס זאלען מיך ברייגנען צום איזבארשטשיק.

ניט וויסענדיג וועלכע סכנה עס שוועבט איבער מיין קאפ, האב איך מיר אויפגעזוכט מיין ווינקעל און האב מיר געלייגט שלאפען. פלוצלונג האב איך דערפיהלט ווי א גראבע האנד לייגט זיך אוועק אויף מיין יונ־גען קערפער און טרייסעלט מיך.

איך האב מיך אויפגעכאפט און געעפענט די אויגען. איך האב פאר מיר דערזעהן דריי פרעמדע מענשען. איינער פון זיי האט געהאלטען א לאנטערנע און האט מיר אריינגעלויכטען אין די אויגען.

—„וואס ווילט איהר ?" — האב איך געפרעגט. —

— „גאר נישט, זוהנעלע!.. שטעה אויף!" — האט מיר דער כאפער געענטפערט —

— אויפשטעהן? צו וואס?" —

— „דו וועסט מיט אונז פארען אין שטאדט!" —

— "נא, דו וועסט שוין זעהן! טהו זיך אן, בחור'ל, אבער גע־שווינד!" —

— „איך וויל נישט, איך וויל נישט פאהרען!"—

א פייערדיגער פאטש האט מיך פארטומעלט. מען האט מיך איינ־

געוויקעלט אין מיינע צוריסענע קליידער, מען האט מיך אריינגעווארפען אין א וואגען און מען האט מיך געבראכט אין באברויסק.

דארטען האט מען מיך איינגעשלאסען אין דער קאזארמע...

## אין דער קאזארמע.

מיט דעם צוועק אויסצוראמען די „נעלמים“, דאס הייסט: יענע אידען, וואס זיינען ניט פארשריבען געווען אין דער „סקאזקע“, האט צאר ניקאלאי דער ערשטער ארויסגעגעבען אן אוקאז, וואס האט ערלויבט אפּצוגעבען פאר א סאלדאט יעדען אידישען נעלם. א נעלם האט געהייסען דער, ווער עס האט ניט געהאט קיין פאספארט, און עס איז זעלבסטפערשטענדליך, אז די ניט־פערשריבענע אין דער „סקאזקע“, האבען קיינע פאספארטען ניט געקענט בעקומען. דער אוקאז האט יעדען איינעם געגעבען דאס רעכט צו כאפּען א יונגען מאן, אדער א איינגעל, וואס האבען קיינע פאספארטען געהאט, און אפּגעגעבען פאר סאלדאטען פאר זיין אייגענע פאמיליע, אדער פאר אן אנדערער פאמיליע.

פאר די קהל'שע „מאכערם“ פון יענע פינסטערע צייט, וואס האבען תמיד געזוכט פעט צו ווערען פון אידישע בלוט, האט דיעזער אוקאז געעפענט א נייע קוואל פון פרנסה. יעדע אידישע קהלה האט ארויסגעשיקט איהרע כאפּערס אויף אלע וועגען און טראקטען, וואו זיי האבען זיך בעהאלטען אין די דערפער און אין די קרעטשמעס און האבען געלויערט אויף זייערע קרבנות. אין זייערע הענד זיינען אריינגעפאלען אלע אומגליקליכע אידישע יונגע לייט און קליינע בחורים'לאך, וואס האבען ניט געהאט קיינע פאספארטען. אנדערע, וואס האבען געהאט פאספארטען, האבען זיך אויך ניט געקענט ארויסדרעהען פון זייערע הענד. זיי פלעגען די פאספארטען איינפאך צורייסען און פלעגען צונעהמען אלס „נעלמים“.

די געכאפּטע פלעגט מען בינדען מען ווי שעפּסען, ברייננגען אין שטאדט און איינשליסען אין דער קאזארמע. דארטען פלעגט מען זיי האלטען וואכענלאנג, ביז דער „פריאם“ (רעקרוטירונג) פעלגט זיך עפענען. מיט דיעזע אומגליקליכע האט מען נישט שטארק מדקדק געווען. זיינען זיי געווען שוואכע, קראנקע, אדער זיי האבען נאך א מום געהאט, איז אויך רעכט געווען. מען האט זיי אנגענומען פאר סאלדאטען, אנגעטאן די סאלדאטסקע שינעלען און מארש דיענען דעם קייזער! מען האט די דאזיגע „נפשות“ אפּגעגעבען פאר יענע פאמיליעס, וואס האבען בעצאלט א גוטען מקח, און די דעפּוטאטען מיט דעם איזבארשטשיק האבען זיך צוטיילט מיט דעם געלד.

אויף פריוואט־לייט האבען דאס געמאכט פאר א געשעפט. זיי פלעגען כאַ־פען קליינע קינדער און פלעגען זיי פארקויפען צו די קהל'שע מאכערס. די פעריאָדע איז ביי אונז אידען בעקאנט מיט דעם נאמען: די צייט פון די „פאימאנעס" דאס הייסט די צייט פון כאפען. אין יענע פינסטערע צייט האבען ביי אונז טאגטעגליך פאסירט הונדערטער „מכירת־יוסף'לאך". די קלענערע רבנים פון די קליינע שטעדלאך האבען צו דיזער רציחה גע־געבען זייער הסכמה מיט דעם „פשט", אז די קינדער פון זייערע אייגענע שטעדטלאך, איז „מעהר מצוה" צו פערהיטען ווי פרעמדע קינדער פון פרעמ־דע שטעדט. די גרעסטע רבנים האבען אין דער שטיל פארגאסען טרערען איבער די עפענטליכע רציחות, אבער זיי האבען געמוזט שווייגען איבער דריי טעמים. ערשטענס: איז דאס געווען א קייזערליכער אוקאז, צווייטענס, האבען זיי מורא געהאט פאר'ן איזבארשטשיק מיט די דעפוטאטען, וואס האבען זיי געקענט אפזאגען פון די רבנות, ווען זיי וואלטען זיך אוועק־געשטעלט געגען די בלוטיגע רציחות, און דריטענס: האבען זיי מורא גע־האט פאר די מוסרים, וואס האבען זיי געקענט פאר'מסר'ן ביי דער גאַ־טשאלסטוואַ, און דער רעזולטאט פון אזעלכע מסירות, וואלט תמיד געווען — סיביר. יענע צייט איז געווען א צייט ווען מענשען האבען איינגעשלונגען מענשען גאנץ אפען און מיט דער הסכמה פון דער רעגירונג.

און איינער פון דיזע אומגליקליכע קרבנות בין איך אויך געווען, ווען איך בין אלט געווען 14 יאהר.

איך בין געזעסען אין א קאזארמע גאנצע פינף וואכען. קהל האט גע־וואַרט אויף דעם „פריאם", אויסזיכטען אויף לויז ווערען. האב איך ניט געהאט. ווי אזוי? מאין יבוא עזרי? מיט וואס פאר א נס? די ארעמע שעפּ־סעלאך, וואס ליגען געבונדען אין שלאכט־הויז, קענען נישט האפען צו בלייבען לעבען. צו זיי וועלען זיין טרפה, אדער כשר, צו דער שחיטה מוזען זיי געהן. מיט מיר איז אויך געווען דער זעלביגער פאל: צו מען וועט מיך אפגעבען על פי זאקאן, אדער געגען זאקאן, א סאלדאט וועל איך שוין זיין אין יעדען פאל. פיעל יאהר וועל איך דארפען דינען אין די „קאנטאניסטען". מען וועט מיר אוועקגעבען צו א מוזשיק אין א דארף פאר טויזענדע מיילען ווייט אין סיביר, דארטען וועל איך מוזען פיטערן חזרים, האקען האלץ אין וואלד, פלעכטען פאר איהם לאפטשעס און פאר יעדע קליינינקייט געשלאגען ווערען מיט גרויס אכזריות, וועל איך ארויסגעהן א גאנצער פון דעם דאזיגען חבוט

הקבר, וועט זיך ערשט פאר מיר אנפאנגען דער ריכטיגער גיהנום מיט אלע זיינע שרעקען: דער „דיאדקא“, די רוסיש׳ע קאזארמע, דער מוסטיר, די מארשען מיט 300 פונט משא אויף די פלייצעס, די פייערדיגע שמיץ, די שרעקליכע קלעפּ און נאך טויזענד אנדערע „תענוגים“ פון דעם מיז. מעהר פון אלע האט מיך דאמאלס געפייניגט דער געדאנקען, ווען איך פלעג מיך דערמאנען מיין אומגליקליכע מוטער, די עלענדע און וויסטע אלמנה. 21 פינסטערע יאהרען האט זי אפּגעלעבט מיט איהר מאן, און ווען א בייזער צופאל האט דעם שפּייזער פון איהר אוועקגעריסען, איז זי געבליבען מיט די צוויי יתומים. זי האט זיך מיט זיי געקענט טיילען נאך איהרע ליידען, ווייל פריידען האט זי קיינמאל ניט געהאט. איהר איינציגער טרייסט, זיינען איהר געווען די צוויי יתומים, און ביידע האט מען פון איהר אוועקגערויבט. חיה רעה אכלתם! און ווער? ניט קיין ווילדע חיות אין וואלד, נאר אייגענע מענשען, מענשען מיט הערצער פון וועלף!...

מיט אזעלכע געדאנקען האב איך זיך ארומגעטראגען די גאנצע צייט, וואס איך בין געזעסען מיט נאך אנדערע אידישע קרבנות אין דער פינסטערער קאזארמע. די דאזיגע געדאנקען האבען אויפגעוועקט מיינע געפיהלען און איך האב דאמאלס, זיצענדיג אין דער קאזארמע, אנגעשריבען מיין ליד: „די פּאימאנסעם“, וואס האט אין זיך 108 פערזען. די טהעמא צו דעם ליעד האב איך גענומען פון דעם נביא הגי.

חגי הנביא איז געקומען צו די כהנים און האט זיי געפרעגט:

— „ווערט א מענש, אדער א בגד אויך הייליג, ווען דער מענש, אדער דער בגד ריהרט זיך אן די הייליגע פלייש פון קרבנות?“ —

— „ניין, ער ווערט ניט הייליג!“ — האבען די כהנים געענפערט.—

— „און ווערט א מענש, אדער א בגד אונריין, ווען זיי בעריהרען אן אומוריינע זאך?“ — האט דער נביא ווייטער געפרעגט —

— „יא געוויס ווערען זיי אומריין!“ — האבען די כהנים געענטפערט

— „אזוי איז דאס גאנצע פאלק!“ — האט חגי מיט שמערץ אויסגערופען — „קיין גוטע, קיין ריינע, קיין הייליגע זאך קלעפּט זיך אן זיי נישט אן נאר די אומריינע זאכען קלעפּען זיך צו זיי צו, דאס הייסט: לעבענדיג צווישען פרעמדע פעלקער, לערנען זיי פון זיי ניט די גוטע מעשים, די פיינע זיטען, זיי לערנען זיך פון זיי אויס נאר די שלעכטע, די אומריינע!“

די גזרה פון די „פּאימאנעס“ איז געווען א פּראבע פאר אונזערע אידען פון יענעם דור, אבער זיי האבען דעם נסיון זעהר שלעכט אויס־

געהאלטען. מיט דעם, וואס זיי האבען זייערע אייגענע ברידער געכאפט און פערקויפט אין שמד אריין און צו אייביגע צרות, האבען זיי אויפגע־דעקט פאר דער וועלט דעם וואהרען כאראקטער פון זייערע מנהיגים.

דאס איז אין קורצען דער אינהאלט פון מיין ליעד „די פאימאנעס“, אדער „געשטאנען צום משפט און ארויס שולדיג“. ניט אין מיין אייגע־נעם בלוט האב איך געטונקט מיין פעדער, ווען איך האב זי געשריבען. נאר אין דעם בלוט פון אלע ט־יינע אומגליקליכע ברידער: ניט מיין שמערץ אליין קלינגט דורך איהרע פערזען, עס הערט זיך אין איהר דער פער־צווייפעלטער יאמער־געשריי פון דעם גאנצען כלל־ישראל...

און ווי טרויעריג, ווי הארצרייסענד איז געווען דאס בילד פון דער קאזארמע! אכציג עלענדע, בלייכע, אויסגעדארטע, אויסגעהונגערטע, האלב־נאקעטע נפשות ליגען אויף דער ערד אויף א הייפעלע שמוציגע שטרוי. דער גרעסטער טייל פון זיי זיינען דורך א טיראנישע האנד אוועקגעריסען געווארען פון זייערע מוטערס, און וואס פערשטעהען נאך גאר ניט דעם טיפען עלענד, וואס ערווארטעט זיי אין דער צוקונפט. אויך דא, אין דער קאזארמע, ניט וויסענדיג זייער פינסטערען גורל, לאכען זיי, שטיפען זיי און שפילען זיך איינער מיט דעם אנדערען, נאר די עלטערע, קוקענדיג אויף זיי, פערגעסען זייערע אייגענע צרות און פערגיסען טייכען טרערען. צוויי מאל אין טאג עפענען זיך די אייזערנע טירען און עס קומען אריין די מלאכי־הבלה פון די קהל'שע מאכערס און ברייננען עטליכע לעבלאך ברויט און א פאר טעפ זופ, וואס איז צו שמוציג אפילו פאר הינד. וואגט אימיצער עפעס וואס צו פערלאנגען און צו בעטען ווערט ער אנגענומען פאר די האר און צוריקגעשליידערט צום וואנד מיט אזא רציחה, דאס די יונגע ביינדעלאך טרייסלען זיך און קנאקען.

— „איך וויל צו מיין מאמען!“ — צוואויינט זיך א קינד אויפ'ן קול —

— „דו ווערסט איהר שוין זעהן אויף יענער־וועלט! האב נור גע־דולד!“ — ענטפערט איהם דער אידישער אנטיוכס און צו לאכט זיך —

— „לאזט מיך אהיים! איך וויל צוריק אהיים!“ — יאמערט אן אנדער עופה'לע —

— „ווארט נאך עטליכע טעג!“ — ברומט דער מענשליכער טיגער — „דו ווערסט שוין האבען א גרויסע היים!.... זי ציהט זיך פון באברויסק ביז ארכאנגעלסק!“ —

עס ווערט נאכט. אלע לייגען זיך אויף דער ערד און לייענען קריאת־שמע, אנדערע, די עלטערע, זאגען תהילים אויסווייניג, ביז זיי ווערען אנט־שלאפען... א גאנצע סטאדע שעפסען, וואס ווארטען אויף דער שחיטה! זיי ליגען איינער אויף דעם אנדערען אויף דעם שמוציגען שטרוי — איין אונגליק, איין יאמער און עלענד האט די פרעמדע פעראייניגט אין איין קערפער. פון מינוט צו מינוט רייסט זיך ארויס א שווערער זיפץ פון דער ברוסט פון אן עלטערן. די גאנץ יונגע שלאפען גאנץ רוהיג און א גליקליכער שמייכעלע שוועבט אום אויף זייערע בלייכע פנימ'לעך. וואס חלומ'ט זיך זיי? געוויס, אז זיי זיצען ביי זייער מוטער אויפ'ן שויס, און די צערטליכע מוטער קאמט זיי און מאכט לאקען פון זייערע האר!...

צווישען די 80 פאימאניקעס, וואס זיינען מיט מיר געזעסען אין קאזאר־מע, זיינען געווען איניגע מיט זעהר גוטע שטימען צום זינגען. איך האב צוזאמענגעשטעלט א קאהר פון 10 פאימאניקעס און האב מיט זיי איינגע־שטודירט מיין ליעד „די פאימאנעס". מיר פלעגען עס זינגען עטליכע מאל אין טאג און קיין אויג פלעגט דערביי נישט בלייבען טרוקען און קיין הארץ פלעגט ניט בלייבען אונגערירט, ווען די טרויעריגע מעלאדיע צוזאמען מיט די ווערטער פלעגען זיך צוגיסען איבער דער קאזארמע. אפילו די מלאכי חבלה מיט די שטיינערנע הערצער, מיט די אייזערנע נערוועז, וואס האבען טאג און נאכט איבער אונז געוואכט פלעגען אויך מיט אינז מיט־וויינען.

עס איז אוועק דער תשעה־באב און עס איז געקומען די נאכט, וואס אויף מארגען האט מען שוין געדארפט פירען צו דער שחיטה — צום „פריאם".

## די בעפרייאונג.

אז די ישועה איז אונז פיל נעהנטער, ווי מיר האבען גערעכענט, דאס האט קיינער פון אונז ניט געוואוסט.

אום פורים, תרט"ו (1855), דאס הייסט אונגעפעהר מיט א האלב יאהר פריהער איידער מען האט מיך געכאפט און אלס „פאימאניק" איינגע־שלאסען אין דער באברויסקער קאזארמע, איז קייזער ניקאלאי דער ערשטער פלוצלונג געשטארבען. אלעקסאנדער דער צווייטער איז ארויף אויף דעם רוסישען טראן און מיט דעם איז אפגעשלאסען געווארען דער פאריזער

טראקטאט. דער קרימער קריג האט זיך געענדיגט. איינער פון די ערשטע אוקאזען, וואס קייזער אלעקסאנדער דער צווייטער האט ארויסגעגעבען, איז געווען ארויסצולאזען פריי פון די קאזארמעס אלע פאימאניקעס.

ארום איינס דעם זייגער ביי נאכט, ווען מיר האבען געשלאפען אין דער קאזארמע, האט אונז אויפגעוועקט א גרויסער טומעל אויף דער גאס. דער טומעל איז אלץ געקומען נעהענטער און נעהענטער צו אונז, און באלד האבען מיר דערהערט ווי מען קלאפט אין אונזערע אייזערנע טירען און לאדענס.

— קינדערלאך, שטעהט אויף ! א ישועה ! איהר זייט פריי פריי !"

—האט איינער געשריען

— —אן אוקאז פון קייזער, אז מען זאל אייך ארויסלאזען! — האט געשריען א צווייטער—

— לויבט גאט, קינדערלאך ! זאגט הלל !— האבען עטליכע קולות געשריען אויף איין מאל—

די דאזיגע בשורה איז פאר אונז געווען ווי דער קול פון שופר, וואס וועט אויפוועקען די טויטע צו תחית־המתים. מיט א פריידענגעשריי זיינען מיר אויפגעשפרונגען פון אונזער וויסטען לאגער, מיר האבען זיך געוואשען און מיר האבען זיך געשטעלט זאגען הלל. איך בין געווען דער חזן און מיין קאהר האט מיך בעגלייט. נאך הלל, האבען מיר זיך אלע גענומען פאר די הענד און מיר האבען געטאנצט א „אידישען קארעהאד". דאס איז געווען א טראגי־קאמישע סצענע, ביי וועלכע מען האט געמוזט לאכען און וויינען. נאך דעם טאנץ האב איך אנגעשריבען מיין ליעד „די ישועה", אין האב צו איהר קאמפאנירט א פיינע מעלאדיע.

אויף צעהן דעם זייגער אין דער פריה איז באשטימט געווען אונז ארויסצולאזען פון דער קאזארמע. דער באברויסקער גביר ר' יצחק ראבינאוויטץ האט געשאנקען 40 רובעל אויף דעם בית־המדרש פאר דער מצוה צו עפענען די טהיר פון דע' קאזארמע. שוין א צייט פריהער האבען זיך ארום דער קאזארמע פערזאמעלט מענער און פרויען, יונגע און אלטע, און האבען מיט גרויס אונגעדולד געווארט אויף דעם מאמענט, ווען די קאזארמע וועט זיך עפענען און מיר וועלען ארויסגעהן פריי. יעדער איינער פון זיי האט געבענשט און געלויבט דעם גוטען קייזער אלעקסאנדער דעם צווייטען, וואס האט ארויסגעגעבען דיזען מאניפעסט, און וואס האט מבטל געווען א סך ביטערע גזרות פון זיין פאטער.

עס איז געקומען דער גליקליכער מאמענט. מיט דער ברכה „ברוך מתיר

אסורים" האט דער גביר ר' יצחק ראבינאוויטש אויפגעשלאסען די טהיר און דער גאנצער עולם האט זיך אויף איינמאל א שפאר געטאן אין דער קאזארמע. דער שטאדט־חזן האט געמאכט „מי שברך" דעם קייזער און האט געזונגען דעם קאפיטעל מ"ה פון תהילים. דאן האט מען מיך מיט מיין קאהר ארויפגעשטעלט אויפ'ן טיש, און מיר האבען געזונגען מיין ליעד: „געשטאנען צום משפט און ארוים שולדיג". עס איז אונטער דעם פאלק אויסגעבראכען א גרויס געוויין, אבער דאס ליעד האט נאך א צווייטע ווירקונג געהאט. דער עולם איז פון דאס ליעד אזוי שטארק אויפגערייצט געווארען אויף די קהל'שע מאכערס, דאס מען וואלט זיי געוויס צוריסען אין שטיקער,ווען זיי וואלטען דא דערביי געווען. יענע זיינען אבער קליגער ווי פרימער געווען און האבען זיך בעהאלטען. אויף דעם פארלאנג פון די בעלי־בתים האב איך זיי נאך צוויי פון מיינע לידער געזונגען „די ישועה" ואן דאס ליעד „בעסער נעמען איידער געבען". וואס האט געשילדערט מיין בעל־הבית, דעם ישובניק, וואס האט מיך פערקויפט צו קהל פאר 25 רובעל, אנשטאט מיר צו בעצאלען מיינע שכירות. ־דיזעס ליעד האט ביי דעם עולם ארויסגערופען א שטורם פון ווילדען צארן. עס האבען זיך געפונען א סך בעלנים, וואס האבען געוואלט לויפען אין יענעם דארף צום ישובניק און פון איהם נעמען ביטערע נקמה, אבער דער גביר ר' יצחק ראבינאוויטש האט זיי איינגעשטילט און האט זיי געגעבען זיין עהרענוואורט, אז ער וועט זיך מיט יענעם עוכר־ישראל אפרעכענען. דאן האט מען פאר אונז געעפענט די טהיר און מיר אלע 80 געפאנגענע, זיינען זינגענדיג ארויסגעגאנגען פון דער קאזארמע. מיך האט דער גביר ר' יצחק ראבינאוויטש אריינגענומען אין זיין קארעטע און האט מיך אוועקגעפירט אין זיין הויז.

שוין אין די ערשטע צוויי וואכען, וואס איך בין געווען ביי דעם גביר אין הויז, בין איך אויך געווארען א שטיקעל „גביר". איך האב מיך זעהר שעהן אויסגעקליידעט און איך האב נאך געהאט א קאפיטאל פון 100 רובעל אין מזומן. מיין „עשירות", פונקט ווי מיינע צרות, האב איך אויך בעקומען אויף א מערקווירדיגען אופן. קודם כל האט דער גביר ר' יצחק ראבינאוויטש געשיקט רופען דעם ישובניק ביי וועלכען איך האב געקנעלט מיט זיינע דריי „גאונים", און נאכדעם ווי ער האט איהם מכבד געווען מיט עטליכע פייערדיגע פעטש, האט ער איהם געהייסען מיר בעצאלען די 50 רובעל שכירות, וואס האט מיר געקומט פאר צוויי זמנים, און די 25 רובעל, וואס ער האט גענומען פאר מיין „נפש" ביי קהל. דער פיינער

מאַן האָט גע'טענהט אַז ער איז אָרעם און קען דאָס ניט בעצאָלען. אָבער דאָס האָט איהם נעביך ניט געהאָלפען. דער גביר האָט צו איהם געשיקט אַ פּאָר קאָזאַקען און מען האָט ביי איהם צוגענומען אַלעס, וואָס מען האָט אין זיין הויז געפונען. אַ פּאָר טעג שפּעטער איז דער ישובניק געקומען מיט די 75 רובעל און האָט אויסגעלייזט זיינע זאַכען. איך בין מיט איינ־מאָל געוואָרען אַ „גביר" מיט אַ קאַפּיטאַל פון 75 רובעל! צו יענער צייט און אין מיין לאַגע, האָב איך געגלויבט, אַז איך בין אַ האַלבער ראָטהשילד. אויסער דעם האָב איך נאָך בעקומען קליינע סומען געלד פון די געסט, וואָס פלעגען קומען צום גביר און פאַר וועלכע איך פלעג זינגען מיינע דריי ליעדער, וועלכע איך האָב פאַרפאַסט אין דער קאַזאַרמע.

ווען מען האָט מיך געכאַפּט פאַר אַ פּאַימאַניק, האָט זיך דערפון דער־וואוסט אַ ווילנער ווייבעל, וואָס איז גראָדע געווען אין באַברויסק, און זי האָט וועגען דעם געשריבען צו מיין מוטער אין ווילנאַ. אין אַ געוויסען פריהמאָרגען, ווען איך בין שוין געווען ביי דעם גביר אין הויז, האָט מיר דער משורת געזאָגט, אַז אַ פרעמדע פרוי מיט אַ פרעמדען אידען ווילען מיך זעהען און זיי וואַרטען אויף מיר אין דרויסען. ווי גרויס איז געווען מיין פרייד,ווען איך בין אַרויסגעגאַנגען אויף דער גאַס און האָב דאָרטען געפונען מיין מוטער און מיין פעטער אברהם־ליב. מיט אַ פריידענגעשריי און מיט אַ ים טרערען אין די אויגען, האָט זיך מיין מוטער אויף מיר גע־וואָרפען און האָט מיך אַ לאַנגע צייט ניט אַרויסגעלאָזען פון איהרע אָרעמס. גלייך ווי זי האָט באַקומען דעם בריעף פון דער ווילנער ווייבעל, האָט זי ביי ווילנער קהל פאַר מיר אַרויסגענומען אַ פּאַספּאָרט און איז די שטרעקע פון 50 רוסישע מיילען געגאַנגען צו־פוס נאָך באַברויסק, אום מיך צו בע־בעפרייען. מיין גוטער פעטער אברהם־ליב האָט מורא געהאַט איהר צו לאָ־זען אַליין אין אַזאַ וויטען וועג, דאָרום איז ער אויך מיטגעגאַנגען די גאַנצע 50 מייל. אַכט טאָג האָבען מיר נאָכדעם פערבראַכט ביי דעם גביר אין הויז, דאַן האָבען מיר גענומען אַבשיעד און מיר זיינען אַוועקגעפאָרען פון באַברויסק.

מיר זיינען געקומען אין דער שטעדטיל סאַמאַחוואַלאָוויץ און מיר האָבען זיך אָפּגעשטעלט אויף אַכט טעג ביי מיין מוטערס שוועסטער מאַריאַשע־חנה. מיין מומע האָט גרויס חשק באַקומען מיך צו האָבען פאַר אַן איידעם, ווייל איך בין שוין געווען אַ „באַוואַהרענטער" פון סאָלדאַטען, און צו יענער צייט איז דאָס געווען אַ גרויסער יחוס. מיין מוטער האָט מסכים גע־

ווען צו דעם שידוך און איך בין געוואָרען א חתן מיט מיין מומעס טאָכטער רחל, די חתונה האָט מען אָפּגעלייגט אויף צוויי יאָהר.

איך בין צוריק געקומען אין ווילנא צו מיין מוטער אין הויז, און דאָס ערשטע וואָס האָט מיך אין איהר הויז בעגריסט, איז ווידער געווען דער אלטער דלות, וואָס איז דאָרטען נאָך אלץ געזעסען ווי דער „מלך־אביון" אויף זיין פינסטערען כסא־המלוכה. עס איז מיר ווידער קלאָר געוואָרען, אז איך האָב ניט ווער עס זאָל פאַר מיר זאָרגען, און אז איך מוז מיר דאָ שטעלען צו דער ארבייט ביי א שמוקלער, אבער אין ווילנא האָב איך דאָס ניט געקאָנט טהאָן, ווייל דער קאָנטראַקט מיט דעם ערשטען שמוקלער, איז נאָך אלץ געהאָנגען ווי א חלף איבער מיין האַלז. איך האָב קיין אנדערע בריה ניט געהאַט; איך האָב ווידער געמוזט מיין מוטער פערלאָזען און בין געפאָרען זוכען ארבייט אין קאָוונא, 14 רוסישע מייל פון ווילנא.

## די גאָלדענע עפּאָכע.

איך קאָוונא האָב איך מיך געשטעלט ארבייטען ביי א שמוקלער און ביי נאַכט פלעג איך געהן לערנען אין ר' ישראל סאלאנטער'ס „מוסר־שטי־בעל" אין יאַטקע־גאַס.

דאָס איז געווען די צייט, ווען עס האָט זיך אָנגעפאַנגען די גאָלדענע עפּאָכע פאַר די רוסישע אידען. קייזער אלעקסאנדער דער צווייטער, גלייך ווי ער איז ארויף דעם רוסישען טראָן, האָט איינגעזעהן, אז זיינע אידישע אונטערטאַנען בעזיצען זעהר פיעל נאַטירליכע מעלות און פעהיגקייטען, פון וועלכע דאָס לאַנד קאָן זעהר פיעל פּראָפיטירען, ווען מען זאָל זיי נאָר גע־בען די מעגליכקייט דיעזע מעלות און פעהיגקייטען אויסצונוצען. ער האָט פאַר זיי אויפגעעפענט אלע שולען, גימנאַזיומס און אקאַדעמיעס, און אין א קורצע צייט האָט רוסלאַנד געהאַט א גרויסע צאָל אידישע דאָקטוירים, אינזשינירען, יוריסטען, טעכניקער, כעמיקער, מאַכאַניקער, ארכיטעקטען א. ז. וו. פיעלע פון זיי האָבען זיך ערוואָרבען א וועלט־בעריהמטען נאָמען און האָבען זעהר פיעל בייגעטראָגען צו דער ענטוויקלונג פון דער רוסישער וויסענשאַפט. אין אלע צווייגען פון וויסענשאַפט, קונסט און ליטעראַטור, זיינען געווען א מאַסע אידישע פערטרעטער. אין מיליטער און שטאַאטס־דינסט האָבען אידישע דאָקטוירים, אינזשינירען, יוריסטען און טעכניקער בעקומען שטעלען און האָבען געשטיגען אין ראַנג גלייך מיט די קריסטליכע בעאַמטע. אין די גרויסע רוסישע צייטונגען און זשורנאַלען זיינען געווען

זעהר פיעל אידישע מיט־ארבייטער און אין די טעאטערס און אפעראהייזער — אידישע שוישפילער און זינגער. אלעקסאנדער דער צווייטער האט די געבילדעטע אידען מעהר בירגערליכע רעכטע געגעבען און אפילו אידישע בעלי־מלאכות און האנד־ווערקער האט ער געגעבען דאס רעכט זיך צו בעזעצען און וואוינען אין גאנץ רוסלאנד. עס איז נאר א שאדען וואס ער איז געבליבען שטעהן אויפ'ן האלבען וועג און האט די רוסישע אידען נאר האלבע בירגערליכע רעכטע געגעבען; ווען ער וואלט נאך ווייטער געגאנגען און וואלט פון זיי אין גאנצען אראפגענומען די אלטע אויסנאמס־געזעצען, ווען ער וואלט זיי אין גאנצען גלייך געמאכט מיט אלע אנדערע רוסישע בירגער, וואלט ער די אייביגע „יודענפראגע" פון רוסלאנד מיט איינמאל אפגעשאפט.

דאס געדריקטע און געטרעטענע אידישע פאלק, די איינגעבויגענע אידען צו דער ערד אונטער דער לאסט פון שווערע גזרות פון פריהערדיגע צייטען, האבען שוין געקענט אויפהויבען דעם קאפ און אביסעל פרייער אפציהען דעם אטהעם. א שטראהל פון ליכט איז אריינגעפאלען אין די פינסטערע געהעטאס און דיעזער שטראהל האט די אידען אויפגעוועקט צו א נייעם לעבען. מען האט זיך גענומען מיט גרויס חשק צו דער בילדונג, מען האט אנגעהויבען סיסטעמאטיש צו לערנען פערשידענע וויסענשאפטען, מען האט אנגעהויבען צו ענטוויקלען די געבארענע מעלות און פעהיגקייטען, און פריהער פאר אליץ ארונטער צו רייסען די דיקע מויערען פון אבערגלויבען און פאנטיזמוס, וואס האבען גאנצע יאהר־הונדערטער דעם רוסישען יודענטהום ארומגערינגעלט פון אלע זייטען. די פיאנערען, וואס האבען זיך גענומען ארויסצוראמען דעם אידישען גארטען פון די אלטע דערנער און אין איהם איינצופלאנצען דעם עץ־הדעת, זיינען געוועזן די אידען פון די גרויסע שטעדט. די אידען פון די קליינע שטעדלאך זיינען נאך געבליבען פערגליווערט אין זייער אלטען פאנאטיזמוס, און ניט נאר וואס זיי האבען פון בילדונג און השכלה ניט געוואלט וויסען, זיי האבען דאס אויך בעטראכט פאר א מין עבודה־זרה און האבען נאך רודף געוועזן איהרע אנהיינגער. יעדער בחור, אדער יונגער מאן, וואס האט געלערנט די רוסישע שפראך, אדער געלעזען די נייע השכלה־ספרים, איז געקרוינט געווארען מיט דעם נאמען „אפיקורס". פיעלע פון די דאזיגע יונגע לייט זיינען געפאלען אלס קרבנות אויף דעם מזבח פון דער השכלה...

ווי יונג איך ביז נאך דאמאלס געוועזן, האט דיזער שנוי אויף מיר דאך

געמאכט א גרויסען רושם. זעהענדיג ווי דאס אידישע פאלק בליהט אויף איז השכלה ווי א שעהנע בלום און לאזט פארנאנדער איהרע יונגע בלעטער, האב איך מיט ווארע קינדערשע בעגייסטערונג פערפאסט מיין ליעד „די בלום" אין זשארגאן און אין לשון־קדש, וועלכע פאנגט זיך אן מיט די ווערטער: "על אם הדרך שם מתגוללת, שושנה הכלילת עינים" א. ז. וו. — אין דער דאזיגער ליעד, האב איך דעם קייזער אלעקסאנדער דעם צווייטען פארגעשטעלט פאר אמלאך, וואס האט געפונען אין מיסט א בלום, וואס איז אויסגעריסען געווארען פון ציון'ס גארטען, און זעהענדיג, ווי אלע טרעטען זי מיט די פיס, האט ער אויף איהר רחמנות געהאט און האט זי אויפגעהויבען. ער האט פון איהר ארונטערגעווישט דעם שטויב, האט זי בעלעבט מיט פריי־שען וואסער, האט זי איינגעפלאנצט אין א בלומענטאפ און האט זי אוועק־געשטעלט אין זיין גארטען צווישען אנדערע בלומען.

חוץ דיזעס ליעד, האב איך דאמאלס אין קאוונא פערפאסט נאך פיי־לע אנדערע לידער, ווי צום ביישפיל: „דער זייגער", „די אכסניא", „דער פראם", די וואלוועלע בראנפען", „דער זומער מיט דעם ווינטער", „דער ישובניק מיט דעם שטאט־מאן", און פילע אנדערע. בעזונדערט האט מען מיינע לידער דערפאר, וואס די מעלאדיע פון יעדעם ליעד איז פאראנט־ווארטליך געווען צו דעם טעקס; זי האט געמוזט שטימען צו די ווערטער. דער עולם האט בעקומען גרויס חשק צו מיינע ליעדער און מען האט זיי אי־בעראל געזונגען. גאנץ קאוונא האט גערעדט וועגען דעם יונגען אינגעל, דעם שמוקלער, וואס מאכט אזעלכע פיינע ליעדער, און כמעט יעדען אווענד האט מען מיך איינגעלאדען אין אן אנדער געזעלשאפט, וואו איך האב פארגעטראגען מיינע לידער; ארום יענע הייזער, וואו איך האב מיינע לידער געזונגען, פלעגען שטעהן הונדערטער מענשען און אזוי לאנג צוהערען, ביז זיי האבען זיך אויסגעלערנט אויף אויסענווייניג. באלד האב איך איינגעזעהן, אז דער פאר־טראג פון מיינע לידער ברייגגט מיר איין! א סך מעהר ווי די שמוקלעריי, פון וועלכע איך האב נאר העכסטענס דריי רובעל א וואך געקענט פארדינען. און האב מיך ענטשלאסען די שמוקלעריי אוועקצוווארפען.

איך וויל מיך אליין ניט רויבערען קיין „קטר"ת" און יויל די־רבאוים ניט בעהויפטען, אז מיין ערפאלג אלס פאלקס־דיכטער האט געשטאמט פון די מעלות פון מיינע לידער אליין; וועגען דעם האט נאר די ערליכע קריטיק צו אורטיילען, אבער דאס איז זיכער, אז דעם ערפאלג האב איך צו פערדאנקען דעם אומשטאנד, דאס צו יענער צייט, בין איך אין רוסלאנד געוועזען א „חד

בררא" דאס הייסט: איך בין געוועזן דער ערשטער אין רוסלאנד, וואס האט פערפאסט לידער צוזאמען מיט געזאנג. אין גאליציען איז שוין אפילו דא־מאלס געוועזן וועלוויל זבארזער (עהרענקראנץ) און בעריל בראדער, אבער זייערע לידער זיינען נאך דעמאלס אין רוסלאנד, און איבערהויפט אין ליטא, ניט אנגעקומען. רוסלאנד האט נאך דאמאלס קיין אייזנבאהן ניט געהאט און דער פערקער מיט גאליציען איז געוועזן זעהר קליין. אין יענער צייט האט מיכל גארדאן שוין אויך פערפאסט אייניגע זשארגאנישע לידער אבער ער האט געוואוינט אין פאלטאווא, און פאלטאווא איז צו יענער צייט וויט געוועזן פון ליטא ווי היינט אמעריקא פון איירופא. צו יענער צייט האבען די רוסישע אידען חוץ מיינע לידער קיינע אנדערע ניט געהאט, און אין דעם ליגט א גרויסער טהייל פון מיין ערפאלג.

אין קאוונא האב איך פערבראכט א יאהר צייט און מיין ערפאלג איז שוין געוועזן אזוי גרויס, דאס איך האב שוין געקענט עקסיסטירען אהן דער שמוקלעריי. איך בין צוריקגעפארען נאך ווילנא, וואו מיינע לידער האבען מיר שוין געמאכט א גוטען נאמען, און איך האב אנגעהויבען צו געהן אויף חתונות אלס בדחן. דאס איז געוועזן אין יאהר 1861 און דאמאלס האב איך אפגעדרוקט מיין ערשטע ווערק „שירים חדשים". אין דעמזעלביגען יאהר האט מען אנגעהויבען צו בויען די אייזענבאהן פון פעטערבורג נאך ווארשוי איבער ווילנא און איך האב אנגעשריבען מיין ליעד „די אייזענבאהן". א צווייטע ליד מיט דעמזעלביגען נאמען, האב איך אנגעשריבען 16 יאהר שפעטער אין מינסק.

אין אנפאנג האט מיר מיין נייער „געשעפט" זעהר ווייניג איינגעבראכט. צוליב צוויי אורזאכען: ערשטענס, ווייל נאר ארעמע מענשען פלעגען מיך איינלאדען אויף חתונות און איך פלעג מוזען געהן פאר א קליינעם פרייז, און צווייטענס, ווייל צום פארטראגען מיינע לידער, האב איך גע־מוזט האבען די בעגלייטונג פון מוזיק. די קלעזמער, וואס פלעגען מיך בע־גלייטען ביי דעם פארטראג, פלעגען ביי מיר ארויסנעהמען פון די קעשענעס מיין גאנצען פערדינסט. האבען זיי דאס ניט געקענט אויספירען אויף דער חתונה גופא, פלעגען זיי מיך איבערפאלען אין גאס, ווען איך פלעג געהן צוריק פון דער חתונה, פלעגען מיך צושפארען צו א וואנד און פלעגען ביי מיר מיט געוואלד אוועקנעהמען דאס געלד. שפעטער האט זיך מיין לאגע פערבעסערט. מען האט מיך אנגעהויבען איינצולאדען אויף רייכע חתונות און מען האט מיר שוין גוט בעצאלט. צו יענער צייט האט יעדע קאמפאני

כלי־זמרים געהאט איהר אייגענעם ברחז, און די גברים האבען גענומען אויף זייערע חתונות נאר יענע כלי־זמרים, וועלכע זיינען געשטאנען אין פערבינדונג מיט מיר.

איידער מיינע לידער האבען קונה שם געווען אין דער וועלט, האט משה ווארשעווער געשיינט ווי א ליכטיגער שטערן אויף דעם „ברחנ'ישען הימעל", ער פלעגט איינגעלאדען ווערען אויף אלע גבירשע חתונות און פלעגט פערדינען אי א סך כבוד, אי א סך געלד. מיט מיין אויפשטייגען אויף דעמזעלביגען „הימעל", ביז איך איהם געשטאנען ווי א ביין אין האלז, איך בין איהם געווארען א געפערליכער קאנקורענט, ער האט פרובירט פארשידענע מיטלען מיך בייצוקומען, אבער ער האט מיט זיי קיין ערפאלג ניט געהאט, ביז ער האט אויסגעפונען א פלאן מיט וועלכען ער האט מיך אריינגעכאפט אין נעץ.

ער האט מיך דורך מענשען, זיינע גוטע פריינד, איינגערעדט, אז איך זאל דעם געשעפט מיט איהם מאכען שותפות. איך האב מיך געלאזט איינ־רעדען און האב מיט איהם אפגעשלאסען א קאנטראקט. וואס עס איז אין קאנטראקט געשטאנען, האב איך ניט געוואוסט. ערשט שפעטער בין איך געוואהר געווארען, אז ער האט אין קאנטראקט איינגעשריבען א פונקט, דאס איך דיען ביי איהם אויף א טערמין פון דריי יאהר פאר 8 גילדען א וואך שכירות־געלט איז זעלבסטפערשטענדליך, דאס איך בין פון איהם אוועק און נאר דאס האט ער געוואלט, ער האט מיך אנגעקלאגט פאר „ברעכען דעם קאנטראקט" מיט דער ערקלערונג, אז דאס געלד, וואס איך וועל דארפען בעצאלען שטראף, שיינקט ער אוועק פאר די פערוואונדעטע סאלדאטען (עס איז דאמאלט גראדע געווען דער פוילישער מיאטעזש). עס האט זיך דאמאלס פאר מיר אנגעהויבען די ביטערסטע צייט פון מיין יוגענד. פלעג איך געהן אויף א חתונה, פלעגט משה ווארשעווער קומען מיט פאליציי און פלעגט מיך צו־נעהמען פון דער חתונה. עס איז אזוי געקומען, דאס מען האט מיך אויפ־געהערט צו לאדען אויף חתונות, ווייל די חתונות פלעגען פארשטערט ווערען דורך דעם אנפאל פון משה ווארשעווער מיט א פריסטאוו און מיט דע־סיאטניקעס. איך בין געבליבען אהן פרנסה, און דאס ביסעל, וואס איך האב פארדינט, פלעגט ביי מיר צונעהמען מיין אדוואקאט שלמה פרודזשאנסקי. כמנהג האדוואקאטען... טאג־טעגליך פלעגט מען מיך שלעפען ווי א פאר־ברעכער אין פאליציי און יערען טאג האב איך געהאט נייע צרות.

## נאָך מיין חתונה.

עס איז מערקווירדיג ווי אָפט מיר באַקומען הילף אין אונזער לעבען. ווען מיר געפינען זיך אין דער גרעסטער נויט און פערצווייפלונג, און מיר זיינען זיך שוין אין גאַנצען מיאש פון יעדער הילף. אין דער צייט ווען איך האָב מיך געצאַפּעלט אין משה וואַרשעווערס אייזערנע הענד און האָב קיין שום אויסזיכט ניט געהאַט פון זיינע הענד זיך אַרויסצודרעהען, האָט זיך מיט מיר געטראָפען אַ פאַקט, וואָס האָט מיך אַרויסגעפיהרט מעבדות לחירות.

מיט אַ צייט פריהער האָט אויסגעבראָכען דער פוילישער מיאַטעזש, און גראַף מוראַוויאָוו האָט איבערגענומען די שטעלע פון גענעראַל־גובערנאַטאָר איבער די פיער גובערניעס ווילנא, קאָוונא, גראָדנאָ און מינסק. זיין רעזידענץ איז געווען ווילנא, און פון דאָרטען זיינען אַרויסגעקומען אַלע בעפעהלען און אוקאַזען, וואָס זיינען נוגע געווען צום פוילישען מיאַטעזש. עס האָט זיך אָנגעפאַנגען דער קריג מיט די פּאָלאַקען, און בלוט האָט געפלייצט אין שטראָ־מען.

איך בין נאָך דאַמאָלס אַזוי יונג געווען, דאָס איך האָב ניט געקענט אורטיילען, ווער עס איז דער גערעכטער אין דעם בלוטיגען סכסוך, און מיי־נע קינדערשע געפיהלען האָבען מיך נוטה געווען אויף דעם צד פון דעם שטאַרקערען. איך האָב סימפּאַטיזירט מיט רוסלאַנד, און באַגייסטערט פון דער דאָזיגער סימפּאַטיע, האָב איך פערפאַסט אַ ליעד אונטער דעם נאָמען: „דער פוילישער מיאַטעזש“. דיזעס ליעד האָב איך געזונגען אויף די אידישע חתונות, צו וועלכע מען האָט מיך איינגעלאַדען, און דעם עולם האָט פון איהר פיעל פערגעניגען געהאַט.

נון האָט זיך געמאַכט, דאָס איך האָב איינמאָל דאָס זעלביגע ליעד פאָר־געטראָגען אויף אַ גביר׳ישע חתונה אין ווילנא, צו וועלכע עס איז איינגעלאַדען געווען אַ רוסישער פּאָלקאָווניק. ער האָט געבעטען מען זאָל איהם מיין ליעד איבערזעצען פון זשאַרגאָן אין רוסיש, און אַלס מען האָט איהם איבערגע־געבען די רוסישע איבערזעצונג, האָט ער עס פאַר נויטיג געפונען צו צושטעלען דעם גענעראַל־גובערנאַטאָר גראַף מוראַוויאָוו. דעם גענעראַל־גובערנאַטאָר איז מיין ליעד זעהר שטאַרק געפעלען און האָט מיר דערפון געשיקט אַ פּרע־זענט פון 25 רובעל דורך יענעם פּאָלקאָווניק. שפּעטער, ווען דער ווילנער

גביר ר׳ יודעל אפאטאוו ע״ה איז געקומען בעזוכען דעם גענעראל־גובערנאטאר מיט וועלכען ער איז געשטאנען אין פריינדשאפטליכע בעציהונגען, האט מיך גראף מוראוויאוו פאר איהם זעהר שטארק געלויבט און האט איהם אויף מיר אויפמערקזאם געמאכט.

באלד נאכדעם האט זיך געפונען די געלעגענהייט, וואס האט מיך באַ־קאנט געמאכט מיט דעם גביד ר׳ יודעל אפאטאוו ע״ה, וואס האט דאמאלס דורך זיין גרויסען איינפלוס געהאט די גרעסטע מאכט אין ווילנא. ער האט חתונה געמאכט זיין טאכטער מיט ר׳ אברהמ׳על פרנס און האט מיך איינ־געלאדען צו דער חתונה. מיינע לידער און מיין פארטראג זיינען איהם אזוי שטארק געפעלען, דאס ער האט זיך מיט מיר אריינגעלאזען אין א פריינד־ליכען געשפרעך. איך האב פאר איהם אויפגעגאסען מיין ביטער הארץ, און האב איהם דערצעהלט די ביטערע רדיפות, וואס איך האב אויסצושטעהען פון משה ווארשאווער איבער א פאלשען קאנטראקט. ר׳ יודעל אפאטאוו ע״ה האט מיר פארשפראכען צו העלפען און האט ווארט געהאלטען. א קורצע צייט שפעטער, איז יענער קאנטראקט ערקלערט געווארען אלס אונגילטיג און משה ווארשאווער האט געמוזט פערלאזען ווילנא.

איך האב שוין פריי אפגעאטעמט און האב שוין אנגעהויבען גוט צו פער־דינען, אבער מיט יעדען טאג איז אלץ נעהנטער געקומען דער טערמין פון מיין חתונה. מיין שווער, ר׳ הלל דער חסיד האט דורכאויס געוואלט, אז די חתונה זאל זיין גלייך נאך יום־כפור און האט מיך איינגעלאדען די ימים־נוראים צו פארברענגען ביי איהם אין סאמאחוואלאוויץ.

אויף מארגען נאך יום־כפור, 1862, איז געווען מיין חתונה. איך בין שוין דאמאלס אלט געווען 23 יאהר און אין שטעדטעל האט מען מיך גע־האלטען פאר אז „אלטען בחור". נאך דער חתונה, האט מיין שווער פאר נויטיג געפונען מיך פארצושטעלען פאר דעם קאידאנאווער רבי׳ן און איז מיט מיר געפארען אויף שבת אין קאידאנאוו. ער האט ווארשיינליך געוואלט ווייזען דעם צדיק מיט וואס פאר א „תכשיט" אז איידעם דער רבונו של עולם האט איהם מזכה געווען. דעם איינדרוק, וואס דער חסיד׳ישער רבי פון קאידאנאוו האט אויף מיר געמאכט, האב איך בעשריבען אין מיין הומאריסטישע ליעד „דעם רבי׳נס שליסעלע". פון דעם דאזיגען ליעד האט זיך מיין שווער ארומגעזעהן, וואס פאר א „טהייערע מציאה" ער האט איינ־געהאנדעלט, און האט מיך שוין ניט מעהר געפירט צו זיין צדיק. צוויי חדשים נאך מיין חתונה בין איך צוריק אוועקגעפארען נאך ווילנא.

אין יענער צייט האב איך מיך אביסעל ערנסטער גענומען צו פער־פאסען לידער; פון די לידער, וועלכע איך האב דאמאלס פערפאסט, האבען זיך אויסגעצייכענט די לידער: „דער רובעל“, דער אייזערנער שראנק“, „די קינפעטאריין“ און „יענקעלע באסס“ (אין א בעזונדער ביכעל פון 130 פער־זען). מיין נאמען האט זיך אנגעהויבען צו הערען גאנץ ווייט און מען פלעגט מיך שוין נעהמען אויף חתונות אין גראדנא, ווארשוי, דינאבורג, וויטעבסק, קאוונא, מינסק, א. אז. וו. צו יענער צייט האט מען שוין אויסגעבויט די „ליבאווא־ראמען אייזענבאהן“, דאס האט מיר געגעבען די מעגליכקייט אנ־צונעהמען חתונות אין ווייטע מקומות און דורך דעם האט זיך מיין פרנסה א סך פערגרעסערט. איך מוז דא אויפמערקזאם מאכען, אז די מעלאדיען צו מיינע ערשטע לידער זיינען מיר אליין ניט געפעלען געווען, ווייל איך האב מיך צום גרעסטען טייל בענוצט מיט די מאטיוון פון די חזנים פון ווילנער שול, און זיי זיינען דאמאלס ניט געווען קיין מפורסמים אין דער מו־זיק. אין מיינע קינדערשע יאהרען, איז געווען דער ווילנער חזן א געוויסער „ארטשיק דער חזן“. ער איז אפילו געווען א ברודער פון דעם גרויסען סלוצ־קער חזן, וואס איז בעקאנט מיט דעם נאמען „פיעדעלע חזן“, אבער זיין טא־לאנט האט ער ניט געהאט. איידער ער איז געווארען א חזן, איז ער געווען אן איינפאכער פייקלער. ניט האבענדיג וואס בעסערס, האב איך צו מיינע לידער אדאפטירט זיינע מעלאדיען, דארום זיינען מיינע ערשטע לידער אזוי אונמעלאדיש געווען. שפעטער האבען שוין מיינע לידער א בעסערען קלאנג געהאט, און דאס האב איך צו פערדאנקען דעם גרויסען חזן ר׳ חיים וואס־סערצווייג, אדער ר׳ חיים לאמזער, וואס האט איבערגענומען די ווילנער חזנות. ער איז געווען א גרויסער קאמפאזיטאר און זיין ספר „שירי מקדש“ האט געהאט א גרויסען ערפאלג ביי די, וואס ליבען די ריינע אידישע מוזיק. די מעלאדיען פון מיינע שפעטערדיגע לידער האב איך געשריבען אין זיין גייסט.

---

איך קען ניט פארביינגעהן א מערקווירדיגען צופאל, וואס האט מיט מיר פאסירט אין יענער צייט, און וועלכען איך קען קיינמאל ניט פארגעסען. עס איז מיר געבארען געווארען א קינד, א אינגעל, און ווייל מיין פרוי האט איהם אליין ניט געקאנט זויגען, האבען מיר איהם אוועקגעגעבען צו אן אם אין דער שטאדט מערעץ, 12 מייל פון ווילנא. יעדען חודש פלעגט מיר אנקומען א בריעף מיט דער בקשה, איך זאל ארויסשיקען די שכירות פאר דער אם און

חפצים פאַר דעם קינד ווי קישעלאַך, ווינדעלאַך, וויקעלאַך און דערגליי־כען. אגב־אורחא פלעגט מיר די אַם אויסרעכענען אין דעם בריף די גרויסע מעלות פון מיין „יורש־עצר“. נאַטירליך איז ער אין איהרע אויגען געווען א מושלם בכל המעלות: שעהן ווי יוסף הצדיק, א גבור ווי שמשון, קלוג ווי שלמה המלך, אַן ענו ווי הלל הזקן און א צדיק ווי רבינו הקדוש, וואַס איז דער וואונדער, אז פאַר אַזא גערעטעניש פון א קינד פלעג איך געבען מעהר ווי די אַם האַט פערלאַנגט!

ויהי היום, איז צו מיר אין ווילנא אריינגעקומען א יונגער מאַן און האַט געבעטען א נדבה; איך האָב איהם געגעבען א נדבה און האָב איהם געפרעגט, פון וואנען ער איז.

— „פון מערעץ!“ — האַט ער מיר געענטפערט.

— „קענט איהר אין מערעץ גרשן דעם צעסלער?“

— „אַה, איך קאַן איהם זעהר גוט: ער איז מיינער א שכן!“

— „און וואָס מאַכט דער אינגעלע, וועלכען זיין ווייב האַט גענומען אויסצוזויגען?“

— „איהר מיינט די מיידעלע?“

— „ניין, איך מיין דעם אינגעלע, ר׳ קרוב!“ —

— „איהר מוזט א טעות האָבען!“ — האַט ער מיר געענפערט — „גרשן דעם צעסלער׳ס ווייב האַט טאַקע גענומען ביי ר׳ אליקום בדחן אין ווילנא א אינגעלע צום אויסזויגען, אָבער מיט דעם אינגעלע האַט זיך ניט דאַ געדאַכט, ניט פאַר קיין אידען געדאַכט, געטראָפען אַן אונגליק. ווען זי איז מיט דעם קינד צוריקגעפאָהרען פון ווילנא, איז זי אין וועג אנשלאָפען גע־וואָרען און דאָס קינד האָט זיך פון איהרע הענד ארויסגעגליטשט און איז אראָפּגעפאַלען אויפ׳ן טראַקט. ווען זי האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף און האָט זיך ארומגעזעהן אז זי האָט דעם אינגעלע פערלאָרען, האָט זי זיך מיט דעם פוהרמאַן צוריק אומגעקערט זוכען דאָס קינד. ניט ווייט פון א וואַלד האָבען זיי דערזעהן ווי א וואָלף עסט דאָס קינד. די אַם איז שוין ניט גע־פאָרען קיין מערעץ, נאָר זי האָט זיך צוריגעקערט אין ווילנא, און דאָרטען האָט זי דורך א מעקלערקע בעקומען א מיידעלע צום אויסזויגען, און דאָס איז די מיידעלע, פון וועלכע איך זאָג אייך!“

מיין פרוי, עליה השלום, האָט גע׳חלש׳ט, און אַלס מען האָט זי אָפּגע־מינטערט, האָט זי געוויינט, געשריען און זיך געריסען די האָאָר פון קאָפּ.

צולעצט האָבען מיר אויף זיך מצדיק הדין געווען און מיר האָבען זיך בערו־היגט.

ווען ניט יענער יונגער מאַן, וואָס איז צו אונז געקומען בעטען אַ נדבה, וואָלטען מיר נאָך אַ לאַנגע צייט געהאַט צו שיקען אָפּ־געלד, קישע־לאַך, ווינדעלאַך און קליידלאַך, און נאָך אַ לאַנגע צייט וואָלטען מיר זיך אַליין געפרייט מיט די מעלות פון אונזער געראָטענעם אייניקעל...

דער פּוילישער מיאַטעזש האָט זיך מיט יעדען טאָג ווייטער און ווייטער פערשפּרייט. עס איז דאַמאָלט געווען אַ וואָהרע שרעקענס־צייט אין גאַנץ ליטא און פּוילען. טאָג־טעגליך האָט מען געזעהן ווי די מיאַטעזשניקעס ווערען געהאַנגען, געשאָסען, אָדער פערשיקט אין די ווייטע גובערניעס פון סיביר. אָבער אויף דער ענטוויקלונג פון דעם אידישען גייסט און פון דער השכלה, האָט דער פּוילישער מיאַטעזש קיין שלעכטען איינפלוס ניט געקענט האָבען. די רוסישע אידען זיינען זיך געשטאַנען פון ווייטען און האָבען זיך ניט געמישט אין דער פּאָליטיק. זיי האָבען דאַמאָלס אַנגעווענדעט אַלע זייערע קרעפטען זיך וואָס מעהר צו בילדען, וואָס מעהר זיך צו ציוויליזירען נאָך דעם אייראָפּעאישען גייסט, נאָך דעם גאַנג פון דער צייט. דאַמאָלס האָבען אַנגע־הויבען צו ערשיינען די ערשטע אידישע צייטונגען אין רוסלאַנד, ווי דער „המליץ" און דער „הכרמל" אין לשון קדש (דער „המגיד" האָט שוין מיט אַ פּאָר יאָהר פריהער אַנגעהויבען צו ערשיינען אין ליק. פּרייסען) און דער „קול־מבשר" אין זשאַרגאָן. דיזע אַלע צייטונגען און אַ גאַנצע מאַסע נייע השכלה־ספרים, האָבען זייער ציעל ניט פאַרפעהלט. דורך זייער איינפלוס האָבען די רוסישע אידען אַנגעהויבען פיינער צו דענקען, פיינער צו פיהלען און פיינער צו לעבען. אויך אויף מיר האָט דאָס אַלעס אַ גרויסען איינדרוק געמאַכט און איך האָב מיך נאָך פלייסיגער גענומען צו דער אידישער השכלה.

## מיין אומגאַנג מיט משכילים.

נאָך מיין חתונה און פערדינענדיג מיין חיונה דורך אייגענער קראַפט, בין איך שוין אין גאַנצען געוואָרען אַן אונאָבהענגיגער מענש, און האָב מיר געקענט לעבען נאָך מיינע אייגענע געפיהלען און נאָך מיינע אייגענע נייגונגען, איך האָב קיינעם ניט געדאַרפט אָפּגעבען דין וחשבון איבער מיינע מעשים און האָב פאַר קיינעם קיין מורא געהאַט.

און מיינע געפיהלען און נייגונגען האבען מיך געצויגען צו יענעם גרויסען ליכט, וואס האט שוין דאמאלס דורכגעדרונגען אלע פינסטערע ווינקעלאך פון דעם רוסישען יודענטהום, ווילנא האט בעקומען דעם נאמען „ירושלים דליטא", דאס הייסט: די ליטווישע ירושלים, ווייל זי איז אין יענער צייט געווען די רעזידענץ, וואו עס איז געשטאנען דער גאלדענער טהראן פון אידישע תורה און חכמה. א געוואלדיגע קראפט האט מיך געצויגען צו די אידישע גייסטיגע ריזען, וואס האבען ניט אויפגעהערט צו ארבייטען פאר זייער פאלק אין אלע צווייגען פון אידישער וויסענשאפט. איך בין בעקאנט געווארען מיט די גרעסטע פון זיי און בין ביי זיי געווען א שטענדיגער איינ־געהער. דאס איז געווען א בוקעט צוזאמענגעשטעלט פון די שענסטע אידישע בלומען: ר' צבי הירש קאצענעלענבויגען (בעקאנט אונטער דעם נאמען „קב הישר"), זיין זוהן ר' חיים ליב קאצענעלענבויגען, אדם הכהן (אברהם בער לעווינזאהן, אדער איינפאך: „בעריל מיכיילישקער") מרדכי פלונגיאן, מתתיהו שטראשון, יצחק שערשעווסקי, אייזיק בן־יעקב, שמואל יוסף פין, קלמן שולמאן, אייזיק מאיר דיק, יהושע שטיינבערג און נאך פילע אנדערע. מיר פלעגען זיך כמעט יעדען שבת נאכט צו שלש־סעודות פערזאמלען ביי ר' הירש קאצענעלענבויגען, און אין ווינטער־צייט פלעגען מיר דארטען פער־ברייננגען גאנץ אפט ביז גרויסען טאג. דארטען איז געווען דער לעבעדיגער קוואל פון תורה און חכמה און דארטען איז בעשאפען געווארען דער גרעס־טער טייל פון די נייע ביאורים אויף תנ"ך און די אגדות פון תלמוד. ביי דיזע פערזאמלונגען פלעגען פארגעלעזען ווערען די בריעף פון די אויסלענדי־שע אידישע משכילים ווי צום ביישפיל: שמואל דוד לוצאטו (שד"ל), גייגער, ראפאפארט און אנדערע, וואס זיינען געשטאנען אין גייסטיגער פערבינדונג מיט די ווילנער משכילים. דארטען איז געווען דער גרויסער און טיפער גייסטיגער ברונען, פון וועלכען איך האב געזעטיגט מיין דורשט צו השכלה. דארטען זיינען בעשאפען געווארען די בעריהמטע מאנאט־שריפטען און יאהרביכער, וועלכע זיינען אין אונזער ליטעראטור בעקאנט מיט דעם נאמען „פרחי־צפון". אויך איז דארטען געווען דער לעבעדיגער קוואל פון דער ריינער אידישער הומאריסטיק. די וויצען און אנעקדאטען, וואס זיינען דארטען געזאגט געווארען, געפינט מען אין דער זאמלונג פון בן־יעקב'ס עפיגראמען. דער גרעסטער טייל פון זיי זיינען איבערגעגעבען געווארען מינדליך פון איינעם צום צווייטען.

איך געדיינק נאך א ווייז, וואס איז מיר עד היום הזה איבערגעבליבען אין מיינע געדאנקען: אדם הכהן האט פורים געשיקט שלח־מנות צו ר' חיים־ליב קאצענעלענבויגען מיט א שיר, וועלכען ער האט אנגערופען: „שמש ירח וכוכב", דאס הייסט: זון, לבנה און שטערן, און האט דערביי אויסגערעכענט די גרויסע ארבייט פון די דריי משה'ס. משה רבינו האט ער פערגליכען צו דער זונן, משה בן מימון (רמב"ם) צו די לבנה און משה מענדעלסאן צו א שטערן. (דער שיר געפינט זיך אין „שירי שפת קדש").

ר' חיים־ליב קאצענעלענבויגען האט איהם צוריק געשיקט שלח־מנות אויך מיט א שיר, אין וועלכען ער האט איהם אנגעוויזען אויף די ארבייט פון אנדערע דריי משה'ס: משה קורדיווירו, משה די־ליאון און משה איי־סערלים, און האט דעם שיר (געגען דעם שיר: שמש, ירח וכוכב) א נאמען געגעבען: „חשך, ענן וערפל", דאס הייסט: פינסטערניס, וואלקען און נעבעל. נאטירליך האט מען דעם שיר ניט געקענט דרוקען, מען וואלט דעם מחבר פון אזא שיר געשטייניגט.

אין מיינע אינגעלשע יאהרען, ווען מיר האבען געוואוינט אין ווילנא אין יאטקע־גאס, אין קאכעלס הויף, האבען דארטען געוואוינט נאך צוויי שכנים און זייערע אינגלאך זיינען געווען מיינע חברים. איינער פון זיי האט געהייסען: „מאטעס (מתתיהו) דער שיינקער", און פון זיין אינגסטען אינגעל „מאטקע", איז שפעטער אויסגעוואקסען געווארען דער וועלט־בע־ריהמטער סקולפטאר מארק אטנאקאלסקי; דער צווייטער שכן האט געהיי־סען: יאשע דער חזן, און זיין אינגעל „לייבקע", איז שפעטער אויסגעוואקסען דער בעריהמטער ליטעראט ל. קאנטאר, דער אבער־ראבינער פון ליבאו און דער ארויסגעבער און רעדאקטאר פון דער העברעאישער צייטונג „היום" אין פעטערבורג. מיר אלע דריי זיינען געווען גרויסע "קונדסים" און דורך אונ־זערע קונדעסערייען אין קאכעלס הויף, פלעגען מיר זעהר אפט פערדינען געזונדע קלעפ פון די שכנים. שפעטער, ווען מיר זיינען שוין גרויס געווארען, האבען מיר זיך נאך אייניגע מאל בעגעגענט אין פערשידענע שטעדט.

אין אונזערע קינדערשע יאהרען האבען מיר אלע דריי, איך מארק אנטאקאלסקי און לעאן קאנטאר, זעהר פיעל געליטען פון דעם פינסטערען פאנאטיזמוס פון יענעם דור. פון די פערציגסטע ביז די פופציגסטע יאהרען פון נייגצעהנטען יאהרהונדערט, איז אונזער אידישער המון פערזונקען געווא־רען אין א ים פון פאנאטיזמוס און אבערגלויבען. דעם נאמען „אפיקורס".

האט מען זיך אין יענער צייט זעהר לייכט געקאנט ערווערבען: עס איז גע־נוג צו טראגען א נאז־טיכעל אין קעשענע אום שבת, צו לעזען א ביכעל פון די נייע השכלה־ספרים, אדער צו בעגעהן אן „עבירה" פון דעם מין — און מען איז שוין געקרוינט געווארען מיט דעם דאזיגען נאמען. איז מען שוין געשטעמפעלט געווארען מיט דעם נאמען „אפיקורס", איז מען געווארען א „פרייער מענש", דאס הייסט: יעדער איינער האט מיט איהם געקאנט טהאן וואס זיין הארץ האט געלוסט. די דאזיגע „אפיקורסים" זיינען געווען „כשר'ח מציאות" פאר די קהל'ס־לייט און פאר זייערע כאפערס. מען האט זיי אויפ־געלויערט ווי די האזען אין פעלד, געכאפט, און אהן א שום טענה אפגעגעבען פאר סאלדאטען. די „פרומע" ראשי הקהל האבען געהאט דעם פרינציפ: „בעסער זאל געהן אן אפיקורס דינען דעם קיסר, אלס אן „עהרליך" קינד!" דעם תענוג צו זיין א סאלדאט אין די צייטען פון ניקאלאי דעם ערשטען, האב איך שוין בעשריבען אין די פריהערדיגע קאפיטלאך. אפילו די, וואס זיינען על פי נס ניט אפגעגעבען געווארען פאר סאלדאטען, זיינען תמיד געווען ווי אין חרם, און קיין „גוטער" און „פרומער" איד האט מיט זיי קיין מגע־ומשא געהאט. אזא בעהאנדלונג האבען זיי געהאט ניט נאר פון פרעמ־דע, אפילו זייערע אייגענע עלטערן און קרובים האבען זיי פערפאלגט מיט כל מיני רדיפות: מען פלעגט זיי אנטהאן כל הנגישות, מען פלעגט זיי שלאגען נאר אהן רחמנות, מען פלעגט זיי ניט געבען עסען, און זעהר אפט פלעגט מען זיי ארויסטרייבען פון הויז. די מוטערס פון די אונגליקליכע פלעגען זיי בעוויינען ווי מען בעווינט טויטע.

דער גרויסער גאון און צדיק ר' ישראל סאלאנטער, ווען זיין זוהן איז אוועקגעפארען אין בערלין שטודירען מעדיצין, האט אויסגעטאן די שיך און האט זיך אוועקגעזעצט אויף דער ערד זיצען „שבעה": אז מאטעס דער שיינקער האט זך דערוואוסט, אז זיין אינגעל „מאטקע" (מארק אנטאקאלסקי) גנב'עט זיך ארויס פון חדר, וואו ער האט געלערנט גמרא מיט די מפרשים, פערקלייבט זיך שטילערהייד אויפ'ן בוידים און שניצט דארטען „צאצקעס" און „געטשקעס" — האט ער איהם געבראכען די ביינער מיט די גרעסטע אכזריות. איינמאל, איהם געפינענדיג אויפ'ן בוידים שניצענדיג פיגורען, האט ער איהם פון דארטען אראפגעשלעפט און שרייענדיג: „רשע! עס שטעהט דאך בפירש געשריבען „לא תעשה לך פסל וכל תמונה", האט ער איהם אין ברענענדיגען פראסט געשטעלט אין הויף ביי'ם פלומפ און האט איהם געצוואונגען א לאנגע צייט וואסער צו פאמפען. דער גרויסער זשעניע איז

ראמאלס שיער ניט פערפראַרעז געוואָרען. דעם זעלביגען גורל, דיזעלבינע צרות און נגישות, האָט אויך געמוזט איבערטראָגען מיין חבר „לייבקע" (לעאָן קאַנטאָר). האָט זיין פאָטער ביי איהם געפונען „קאָנטרע־באַנד" (א ביכעל אין לשון־קדש, אין רוסיש, אָדער אין דייטש), האָט ער פון איהם געהאָט אי קאַלט אי ווארעם... וואָס איז שייך צו מיר, איז מיין לאַגע נאָך טויזענד מאָל ערגער געווען. איך בין געווען א יתום, און דערצו נאָך א אָרימער יתום. איך בין תמיד געשטאַנען אין גרויס סכנה און האָב מיר געמוזט היטען פון מיינע חברים. מיט אזא אָרעמען און שוצלאָזען „אפיקורס" ווי איך, וואָלטען די ראשי־הקהל געמאַכט א קורצען פּראָצעס: מען וואָלט מיר אפגעגאָלט א האַלבען קאָפּ (ווי דער מנהג איז דאַמאָלס געווען), מען וואָלט מיר אָנגעטאָן א סאָלדאַטסקע זופּיצע און מען וואָלט מיך אָוועקגעשיקט, ווי מיין ברודער עקיבא, צו א מוזשיק אין קאַמטשאַטקא, אָדער אין ראַנגעסטאַן, און גייה שריי חי וקים! ווען איך פלעג דאַרפען גיין צו די אויבענדערמאָנטע משכילים, פלעג איך מיך גנב'ענען דורך זייטען־וועגען, כדי קיין אויג זאָל מיך ניט זעהן..

ווילד און משונה'דיג זיינען אויך געווען די קליידער, וואָס די אידישע מענער און פרויען האָבען געטראָגען אין יענע צייטען. די קליידער זיינען געמאַכט געוואָרען נאָך דעם אזיאַטישען מוסטער. דער אונטער־ראָל פון די מענער איז געווען א „זופּיצע", א מין לאַנגע קאַפּאָטע, וואָס האָט געגרייכט ביז דער ערד, מיט א פּאַס פון סאַמעט אָרום האַלז און האָט זיך געצויגען איבער די לאַצען און איבער די פּאָלעס ביז אונטען. דער אויבערשטער בגד האָט געהייסען „קובע" ביי די איינפאַכע און געמיינע בעלי־בתים; ביי די רייכע יחסנים און לומדים, האָט דערזעלביגער בגד געהייסען: „דעליע". דאָס איז געווען א מין בגד, וואָס זיינע אַרבעל האָבען געגרייכט ביז דער ערד און וואָס זיינען פון דעם טרעגער קיינמאָל ניט אָנגעטאָן געוואָרען; זיי האָבען זיך נאָר נאָכגעבאַמבעלט ווי צוויי פליגלען פון א ווינד מיהל, אָדער זיך נאָכ־געשלעפּט ווי די צוויי פליגלען פון א קראַנקע גאַנז. היטלען זיינען געווע־על פּי רוב געמאַכט פון פוטער און פעלץ, אָבער מיט פערשידענע פאָרמען און נעמען. עס זיינען געווען „אויער־היטלען", שטריימעלאך", „חבד'ניצעס" „ברייטלאך" „האַלבע־לבנה היטלען" און נאָך אַנדערע, אָבער יעדער קלאַס אידען האָט זיך געהאָט זיין אייגענע היטעל. א בן־תורה, למשל, האָט תמיד געטראָגען א שטריימעל, א חסיד — א חבד'ניצע; דער פּראָסטער עולם האָט געטראָגען די אַנדערע סאָרטען היטלען. די תחתונים זיינען תמיד געווען פון געלען נאַנקין, גאַנץ קורצע און צובונדען מיט בענדלאך איהער די זאָ־

קען. פון שטיוועל האט מען דאמאלס נאך ניט געוואוסט. מען האט געטראגען פאנטאפעל, אדער שיך, בעשלאגען מיט גרויסע טשוועקעס. יעדען פרייטאג ווען מען פלעגט געהן אין מרחץ, פלעגט מען זיך לאזען אפגאלען די קעפ „לכבוד שבת"; מען פלעגט נאר איבערלאזען אפאר לאנגע פאות. די „מהדרים" פלעגען טראגען צו צוויי פאות אויף יעדער זייט פנים.

די פרויען, אפילו די גאנץ יונגע, פלעגען אויך געהן מיט געגאלטע קעפ. זיי פלעגען טראגען א הייבעל מיט א שלייער קונציג אויסגעשלייערט און פון אויבען א פאטשיילע מיט א גרויסען קנופ פון פארנט. אויפ'ן לייב פלעגען זיי טראגען א „לייבעל" מיט א „זאלעשקע" פון פארנט אויפ'ן הארצען. קורצע פאנטאפעל מיט הויכע קארקעס. גאר פון אויבען האבען זיי געטראגען א ווייסע ליילאך, וואס האט געגרייכט ביז דער ערד. פון פארנט פלעגט דער ליילאך צוגעשפילעוועט ווערען מיט א שפילקע אונטער דער מארדע. עס זיינען אויך געווען נאך אנדערע ווילדע פארמעס פון קליידער און זיי זיינען דעמאלס פערהייליגט געווען.

שפעטער, ווען עס איז אנגעקומען דער אוקאז, אז די רוסישע אידען זא־לען זיך קליידען אייראפעאיש, האט מען דאס בעטראכט פאר א „ביטערע גזרה", מען האט גוזר תענית געווען און מען האט מתפלל געווען צו גאט, אז ער זאל מבטל זיין די גזרה. עס האט אבער קיין זאך ניט געהאלפען. די פא־ליציי האט דעם „עניו" גענומען אין איהרע הענד, און אין א קורצע צייט זיינען די רוסישע אידען „אייראפעער" געווארען...

## רוסיפיצירונג און אסימילאציאן.

עס איז א כלל גדול אין תורת־האכילה (די לעהרע פון עסען) דעם מאגען ניט צו איבערלאדען אויף איינמאל מיט א סך שפייז, ניט האסטיג צו עסען, און איבערהויפט אויסצוקלייבען געזונדע און לייכט־פערדייה־ליכע שפייזען. דיזער כלל איז נאך וויכטיגער פאר דעם הונגעריגען, וואס האט דורכגעמאכט א לאנגען תענית. דער מוז נאך פארזיכטיגער זיין. בעקומט ער צו עסען, דארף ער זיך אויסקלייבען די געזונדע און לייכטע שפייזען, אין אנפאנג דארף ער ווייניג עסען, ער דארף זיין מאגען לאנג־זאם געוועהנען צום עסען, ביז דער מאגען בעקומט די קראפט צו פער־דייהען. טהוט ער דאס ניט, פערדארבט ער דעם מאגען, דאס עסען ווערט פאר איהם גיפט און בעקומט א קראנקהייט אויף לאנגע יאהרען,

פון וועלכען קיין דאקטאר קען איהם ניט היילען.

דערזעלביגער פאל איז געווען מיט אונזערע רוסישע אידען אין דער צייט־פעריאדע פון 1860—1080. לאנגע יאהר־הונדערטער האבען זיי דורכגעמאכט א גייסטיגען תענית. די רעגירונג האט פון זיי אפגעשלאסען יעדען שיין און יעדען פונק פון וועלטליכער השכלה. זיי זיינען געווען איינגעזאמענגעפאקט אין זייערע אייגענע און פינסטערע געהעטאס, זיי האבען נאר געוואוסט פון זייערע בתי־מדרשים, ישיבות און קלויזען פון איין זייט, און פון זייערע קרעמעלאך, שיינקעלאך און קרעטשמעלאך פון דער אנ־דערער זייט. אז אויף יענער זייט פון זייער תחום געפינט זיך א גרויסע וועלט, א פיינע וועלט, פול מיט בילדונג און ציוויליזאציאן, האבען זיי נאר געהערט. א גרויסע צאל פון זיי האבען זיך געריסען דורכצוברעכען דעם „גרעניץ" און אריינצוטרעטען אין יענע לעבעדיגע און ליכטיגע וועלט, אבער דער קאזאק מיט דער נאגאיקע אין האנד, האט זיי צוריקגעטריבען.

און דער הונגער נאך בילדונג און ציוויליזאציאן איז מיט יעדען טאג אלץ גרעסער געווארען אזו האט דערגרייכט דעם העכסטען גראד. פינף מי־ליאן רוסישע אידען האבען זייערע הענד אויסגעשטרעקט צו דער רעגירונג און האבען זיך געבעטען תחנונים: „לאזט אונז איבערגעהן דעם גרעניץ! גיט אונז לופט! גיט אונז ליכט! מיר געהען אויס פון הונגער! מיר פער־שמאכטען!" און דער קאזאק האט זיי תמיד געענטפערט: נאזאד! עד פה תבוא ולא תוסיף: דא איז דיין גרעניץ — ווייטער קיין טריט!...

און מיט איינמאל — ויהי אור! אלעקסאנדער דער צווייטער, גלייך ווי ער איז ארויף אויף דעם טראן, האט אין דער געהעטא אויסגעהאקט א ברייטע טיר, און אלע רוסישע אידען, סיי יונג, סיי אלט, סיי זכר, סיי נקבה, האבען זיך א שפאר געטאן מיט איינמאל צו דער פרעמדער השכלה וואס איז גע־שטאנען מחוץ למחנה. אלע האבען זיך געווארפען צו דעם „זיסען מאכל" און מען האט זיך גענומען אפפאסטען פון דעם גייסטיגען תענית, וואס האט געדויערט אזא לאנגע צייט.

און דא האט פאסירט דאס זעלביגע, וואס פאסירט תמיד נאך א לאנגען תענית: די קליגערע האבען זיך גענומען צו די שפייזען מיט מעהר ישוב־הדעת. זיי האבען אויסגעקליבען יענע ארטיקלען, וואס זיינען געזינטער און וואס זייער מאגען קען צונעהמען און פערדייהען. די הארטע, ניט פרישע און ווערימדיגע שפייז האבען זיי ניט אנגערירט. דער עיקר איז געווען: אויסצוקלייבען די כשר'ע שפייזען, יענע מאכלים, וועלכע דער אידישער מא־

גען קאַן פּערדייהען. דער פּרינציפּ ביים עסען איז געווען: די אייגענע תורה מיט דער פּרעמדער השכלה צו פּעראייניגען. זיי האָבען געוואוסט, אַז אונ־טער יענע מאכלים געפינען זיך אַ סך ווערימדיגע און שעדליכע, נאָר זיי זיינען גוט צוגעפּראַוועט מיט כל מיני בשמים, כדי מען זאָל זייער שעד־ליכקייט ניט אויסגעפינען. אָבער די, וואָס האָבען נאָך ניט פאַרלאָרען דעם געבאָרענעם שטאַרקען אידישען „חוש־הריח", האָבען תמיד געקאָנט אונטער־שיידען די געזונטע פון די שעדליכע, און דערפאַר זיינען זיי געבליבען גע־זונט און שטאַרק (אמת'ע אידען) עד היום הזה.

אַנדערע (און דאָס איז געווען די מעהרצאָל פון די רוסישע אידען) האָ־בען פון דעם פרעמדען טיש גענומען „ווי עס געהט". ניט געקוקט צו כשר, צו טרפה, צו פריש, צו אַלטגעבאַקען, צו גאַנץ, ווערימדיג — אַבי אָנ־פילען די קישקע! גראַדע די שעדליכע מאכלים, די צוגעפּראַוועטע מיט אַ סך פעפער און צימרינג, האָט זיי נאָך בעסער געשמעקט. זיי האָבען עס גע־שלונגען האַסטיג מיט גרויס אַפּעטיט, און האָבען פון דעם באַלד באַקומען שטאַרקע „לייב־שמערצען". די, וואָס זיינען אַביסעל קליגער געווען, האָבען באַלד גענומען אַ „ברעכמיטעל", האָבען אויסגעבראָכען די שעדליכע מאכלים און זיינען ווידער געזונט געוואָרען, אָבער אַ גרויסער טהייל זיינען „גע־שטאָרבען" און נאָך אַ גרעסערע צאָל זיינען פערבליבען חולאים מסוכנים לעולם ועד...

די „קראַנקע" פון אונזערע רוסישע ברידער, וואָס האָבען איבערגעלאָ־דען זייערע מאַגענס מיט די פרעמדע שעדליכע שפּייזען, האָבען געגלויבט, אַז זיי קענען האָבען אַ גאולה שלימה, ווען זיי וועלען זיך רוסיפיצירען, דאָס הייסט: ווען זיי וועלען אַוועקוואַרפען די אַלטע אידישע קולטור און וועלען אַננעהמען די רוסישע זיטען מיט די רוסישע מנהגים, אַז זיי וועלען אויפהע־רען צו לעבען אידיש און וועלען פיהרען אַ רוסישען לעבען. אויך אַ גרויסע צאָל פון די אידישע ליטעראַטען אין יענער צייט האָבען אויך אַזוי געגלויבט און האָבען גערעכענט, אַז דורך דעם, וואָס די אידען וועלען זיך רוסיפיצירען און אַננעהמען די וועלטליכע ציוויליזאַציאָן וועט מען זיי דערפאַר געבען גלייכע און פולע רעכטע מיט אַלע אַנדערע נאַציאָנען צוגלייך. די דאָזיגע ליטעראַטען זיינען פערבלענדעט געוואָרען מיט דעם ביסעל פרייהייט, וואָס אַלעקסאַנדער דער צווייטער האָט געשאַנקען די רוסישע אידען. אַלעקסאַנ־דער דער צווייטער, האָט מיט דעם פערפאָלגט דעם זעלבינגען ציעל, ווי זיין פאָטער ניקאָלאַי דער ערשטער. דער ציעל איז געווען: צו רוסיפיצירען די

רוסישע אידען. דער איינציגער אונטערשייד איז נאר געווען דער, דאס ני־קאלאי דער ערשטער האט דאס אנגעהויבען מיט אייזערנע הענד און אלעק־סאנדער דער צווייטער — מיט זיידענע הענדשקעס. ניקאלאי האט דאס געוואלט דורכפיהרען מיט בלוטיגע אוקאזען און אלעקסאנדער מיט א מיל־דער פאליטיק. ביידע: אי ניקאלאי דער ערשטער, אי אלעקסאנדער דער צוויי־טער, האבען ניט געוואוסט, אדער האבען פארגעסען דעם שפרוך, וואס פריד־ריך דער גרויסער האט געזאגט וועגען אידען: „דראנג מאכט די יודען פאר יודען; פרייהייט מאכט די יודען פיר קריסטען". ווי ווייט דיעזער שפרוך איז אמת, האב איך מיך איבערצייגט מיט מיינע אייגענע אויגען. איך האב געזעהן, אלס נאך אלע ביטערע אוקאזען פון ניקאלאי דעם ערשטען, זיינען די אידען געבליבען אידען און די אידישקייט איז געבליבען בתקפה; און איך האב אויך געזעהן, ווי ווייט די „מילדע פאליטיק" פון אלעקסאנדער דעם צווייטען האט געשאדט די אידישקייט. אין די צייטען פון אלעקסאנדער דעם צווייטען האבען זיך א סך מעהר אידען געטויפט, ווי אין די ביטערע צייטען פון ניקאלאי דעם ערשטען, און די, וואס האבען זיך ניט געטויפט, זיינען פערבליבען אידישע קאריקאטורען...

די זאגענאנטע „אידישע אריסטאקראטיע" אין רוסלאנד, און איבער־הויפט די רייכע אידען פון יוזשני־קראי (דרום רוסלאנד), פון פעטערבורג, מאסקווע און חארקאוו, האבען זיך אנגעהויבען צו רוסיפיצירען אויף א משונה'דיגען אופן. זיי האבען פון זייערע הייזער און פון זייער פאמיליען־לעבען דערוויטערט אלעס, וואס האט אויף זיך געטראגען דעם שטעמפעל פון אידישקייט, זיי האבען צובראכען אלעס, וואס עס איז פון טויזענדער יאהרען ביי אידען געווען הייליג, ליעב און טייער. זיי האבען ווי אמת'ע אפען נאכגעקרימט די קריסטען אין זייערע זיטען און מנהגים. צו דעם קריסטליכען יום טוב „ראדזשעסטווא כריסטאווא" (קריסמעס) פלעגען זיי אויך אוועקשטעלען און אנצינדען אין זייערע הייזער „יאלקעס" (כריסט־בוימער). די אינגערע קינדער האבען גאר ניט געוואוסט, אז זיי שטאמען פון אידען (ווי דער פאל איז געווען ביי די ערשטע פאגראמען, ווען די קינדער האבען געפרעגט זייערע עלטערן: „פאר וואס שלאגט מען אונז? זיינען מיר דען אויך אידען?") ווי ניט פרום די מוטער איז געווען, האבען זי איהרע קינדער תמיד גערופען מיט דעם שאנד־נאמען „זשידאווקא". דער פאטער פלעגט זיך שעמען עפענטליך צו ריידען, אדער צו פערקערען מיט אידען. זיינע בעקאנטע און „פריינד", וואס פלעגען פערקערען אין זיין הויז, זיינען

תמיד געווען נאָר קריסטען. פיעלע פון זיי האָבען קיינע אידען, אפילו די פעהיגסטע פון זיי, ניט אריינגענומען אלס פריקאזטשיקעס און משרתים אין זייערע געשעפטען. די דאָזיגע „אידען" פלעגען אויף דעם יודענטהום א סך מעהר רשעות אָנטהון, ווי אנדערע קריסטליכע אנטיסעמיטען. דאָס זיינען געווען די רוסיפיצירטע אידען, וואָס האָבען זיך ניט געטויפט, און דאָס האָבען מיר געהאט צו פערדאַנקען אלעקסאנדער דעם צווייטען מיט זיין „מילדע פאָליטיק" און מיט זיין „פרייהייט", וואָס ער האָט אונז געשיינקט.

אונזערע ליטעראַטען, די זאַגנאַנטע „נביאים פון דור", האָבען דאָס ליידער ניט פערשטאַנען, און האָבען איינגערעדט דאָס פאָלק, אז באַלד באַלד קומט די גאולה שלימה, אז באַלד, באַלד גיט מען זיי אין אַלע פינף טהיילען פון דער וועלט גלייכע רעכט מיט אַלע נאַציאָנען צוגלייך, אז אַלע פעלקער שלאָגען זיך אין הארצען „אשמנו" פאַר די זינד, וואָס זיי זיינען בעגאַנגען געגען די אידען אין די פריהערדיגע דורות. און כדי די „גאולה" מקרב צו זיין, האָט מען אָנגעשריבען א גאַנצע ליטעראַטור, וואָס איהר איינציגער ציעל איז געווען, אויסצורייסען די אַלטע בוימער, די אמת'ע ארזי־הלבנון, פון דעם אידישען גאָרטען און אויף זייער פּלאַץ איינפּאַלנצען נייע בוימעלאַך, נייע פּלאַנצונגען, וואָס האָבען מיט דעם יודענטהום קיין שום שייכות ניט געהאַט: האָבען זיי געשריבען א אידישען ראָמאַן, איז ביי זיי תמיד „העלענע" אויסגעקומען א מלאך פון הימעל, און „שרה" — א פּראָסטע סעדיכע פון חזיר־מארק; האָבען זיי געשריבען א דראַמאַ, איז „יאָסעל" תמיד ארויסגעקומען א פערדאַרבענער מענש, און „אָסיפּ" סיי קערפּערליך, סיי גייסטיג — א מושלם בכל המעלות. אַן עהרליכער און פרומער איד, האָט ביי זיי געהייסען א פאַנאַטיקער, און א פוסטער פּראַנט מיט פּאָמאַדירטע קודרעס און מיט לאַקירטע שיך — א פּראָגרעסיסט, א גע־בילדעטער און א פילאָזאָף...

אין מיינע ליעדער האָט מען תמיד געקאָנט הערען דעם טאָן פון דער ציים. איך האָב תמיד געזוכט צו געבען אין מיינע ליעדער א טרייע קאָ־פּיע פון דער עפּאָכע, וועלכע איך האָב דורכגעלעבט. מיין ציעל איז געווען מיט מיין פעדער מעהר, אָדער וויינינגער צו ווירקען אויף מיינע ברידער, און איך גלויב, אז דאָס דאַרף זיין דער איינציגער ציעל פון יעדען ליטעראַט און דיכטער: האָט ער ניט דיעזען ציעל פאַר זיינע אויגען, דאַן זיינען אַלע זיינע ליטעראַרישע פּראָדוקטען ניט ווערט דאָס ביסעל טינט, וואָס ער האָט אויף זיי פערברויכט. אין יענער עפּאָכע פון רוסיפיצירונג און יאָגד

אויף דער פרעמדער ציוויליזאציאָן, האָב איך אנגעשריבען פאָלגענדע ליע־דער: „די פויגעל", „רחל מבכה על בניה", „דער פוסטער פראָנט", „דער אַלטער פאָטער", „די פאַרמאַסקירטע וועלט", „די אַלטע וועלט מיט די נייע וועלט", צום צעהן־רובעלדיגען בילעט", „די פעדער", „מיר זיינען קינ־דער", „דער קלוגער אָרעמאַן", „די פערדאָרבענע בילדונג", „דער אידישער ערב יום־טוב" און פיעלע אנדערע. אין אַלע דיעזע ליעדער, האָב איך דעם עולם געוויזען בילדער פון זייער אייגענעם לעבען און האָב איהם אויפ־מערקזאַם געמאַכט אויף זיינע מאָראַלישע פעהלערען.

די ערשטע תקופה פון דער אידישער השכלה אין רוסלאַנד, קען מען פערגלייכען מיט דעם „דור הפלגה": ווי דאָרטען, אַזוי אויך דאָ, האָבען איינער דעם אַנדערען זיך ניט פערשטאַנען. האָט איינער געזאָגט „ציגעל", האָט איהם דער אַנדערער געענטפערט „האָלץ", די פרומע האָבען ניט פער־שטאַנען די משכילים און די משכילים האָבען ניט פערשטאַנען דעם זין פון די פרומע. דער יונגער דור האָט זיי ביידען ניט פערשטאַנען. די יונגע בחורים און די „גוטע אײדימס", וואָס האָבען זיך מיט איינמאָל אַ נעהם געטהאָן צו דער אייראָפּעאישער בילדונג, האָבען געגלויבט, אַז אַלע פרומע פון אַלטען דור, וואָס פערברייננגען זייער צייט על התורה ועל העבודה, זיינען ניט ווערטה קיין שאָס פולווער, אַז די גאַנצע אידישע תורה מיט איהר אַלטע זיטענלעהרע האָט שוין לאַנג אָפּגעלעבט איהר צייט און מען דאַרף איהר אריינוואַרפען אין „שמות־קאַסטען". זיי האָבען אָבער אויך ניט פערשטאַ־נען דעם זין פון די ערשטע אידישע משכילים אין רוסלאַנד, זיי האָבען ניט פערשטאַנען דעם צוועק פון דער השכלה און האָבען זיך גאָר ניט געקענט פאָרשטעלען די מעגליכקייט, אַז תורה און השכלה זיינען לייבליכע שוועס־טער און קענען תמיד געהן האַנד ביי האַנד. אונטער דעם וואָרט „בילדונג", האָבען זיי פערשטאַנען: אָפּשאַפען און אויסראַמען פון זייער גבול אַלעס, וואָס טראָגט אויף זיך דעם שטעמפּעל פון אידישקייט, און ווען יהודה ליב גאָרדאָן האָט זיי געזונגען אין זיין שיר: „הקיצה עמי עד מתי תישן". דאָס הייסט: שטעהע אויף מיין פאָלק, ווי לאַנג נאָך וועסט דו שלאָפען, האָבען זיי געמיינט, אַז ער פערלאַנגט פון זיי, דאָס זיי זאָלען די גאַנצע אַלטע אי־דישקייט מבער זיין ווי חמץ און פערברענען.

אין אַלע שטעדט און אין אַלע שטעדטלאך האָבען געגומען אַרויס־שפּרא־צען נייע „נביאים". פּופּצעהן אָדער צוואַנציג יאָהריגע אינגלאך, וואָס זייער גאַנצע בילדונג האָט אַ מילב געקענט אָראָפּטראָגען אויף איהרע פּלייצעס

אראָפּ בארג, האָבען זיך געהאַלטען פאַר די גדולי־ישראל, פאַר פילאָזאָפען און דיינקער. ווער עס האָט געקענט אויפשרייבען צוויי דריי שורות אין לשון־קודש, אין רוסיש און און דייטש, האָט געמיינט, אַז ער איז אַ מופת־הדור, אַ צנא מלא ספרא, אַ קאַרב פול מיט חכמה און ליטעראַטור. יעדער איינער פון זיי האָט גענלויבט, אַז ער איז מחויב צו זיין אַ מוכיח אין זיין פאָלק און איהם איז געגעבען געוואָרען דער זכות צו היילען די אידישע „פּעהלערען". ווער עס וויל האָבען אַ קלאָרען בעגריף פון יענע איינגעביל־דעטע „געבילדעטע", דאַרף נאָר דורכבלעטערען די צייטונגען „המגיד", „המליץ" און „הכרמל" פון די ערשטע יאָהרען. ער וועט זיי דאָרטען גע־פינען, די דאָזיגע „פּריידיגער" און זייער גאַנצע לעכערליכקייט, און דעם גאַנצען דלות פון זייער אינטעליגענץ. האָט, למשל, אַ יונגער שילער פון ראַבינער־שול געוואָלט דערפרייען זיין טאַטען דעם שניידער, אָדער דעם קצב, מיט זיין טיעפע בילדונג האָט ער אין איינעם פון די דאָזיגע צייַ־טונגען געלאָזט דרוקען אַן אַרטיקעל, אין וועלכען ער האָט אויסגעגאָסען צעהן פּאַמוניצעם אויף די אידישע ישיבות און בתי־מדרשים. די דאָזיגע „אַרטיק־לען" פלעגען זיך תמיד אָנהויבען מיט אַן אויסגוס פון „פּאָעזיע", מיט אַ גאַנצען מבול פון הויכע מליצות און געשוואָלענע פראַזען, ווי צום ביישפּיעל: „אַזוי ווי די זון, די לבנה און די מיליאַרדען שטערן שפּאַצירען אום אויף דעם טיעף־בלויען הימעל; אַזוי ווי די בלומען עפענען אויף זייערע מיילכע־לאַך און שיקען זייער ריח־ניחוח צו די וואָלקענס; אַזוי ווי דער פּאַסטוך פיהרט צוריק אהיים זיין סטאַדע בהמות פון פעלד און די רויטע קיה קלינ־געי צו מיט די גלעקעלאַך, וואָס זיי טראָגען אויף די העלזער, און אַזוי ווי דער ים אוקינוס פאַרפלייצט אַ האַלבע וועלט מיט זיינע כוואַליעס א. ז. וו. — אַזוי שיינט, לייכט, פינקעלט, גלאַנצט, גלימצערט, שטראַהלט די זון פון דער בילדונג און איהר'ע כוואַליעס האָבען אַראָפּגעטראָגען, אַראָפּגעוואַשען, אַראָפּגעשווענקט און אַראָפּגעפלייצט דעם גאַנצען הויפען מיסט, וואָס די תלמודיסטען האָבען אָנגעטראָגען אין דעם אידישען לאַגער". א. ז. וו., און ווען איינער פון די נייע „ליטעראַטען" פלעגט דאַרפען מעלדען פון אַ באָד, אָדער פון אַ מקוה, וואָס האָט אָבגעברענט אין זיין שטעדטעל, פלעגט ער געוועהנליך אָנהויבען מיט דעם נוסח: „אַזוי ווי אַלע אידען זיינען ביז איצט געלעגען ווי די פלעדערמייז אין דער פינסטער, און אַזוי ווי איצט שיינט שוין די זון פון בילדונג אין איהר גאַנצען גלאַנץ און פּראַכט, שוין אַוועק די פינסטערע יאָהרען, נישטאָ שוין קיין פאַנאַטיזמוס אויף דער גאַנצער וועלט,

נישטא שוין קיין קנאה און שנאה פון איין פאלק צום צווייטען. איך און קריסט זיינען שוין געווארען לייבליכע ברידער" א. ז. וו.

דאס זיינען געווען אונזערע „נביאים" וואס האבען אונז געפריידיגט רוסי־פיצירונג און אסימילאציאן אין יענער צייט, אבער זיי זיינען נאך ניט געווען די ערגסטע; מיר האבען דאמאלס געהאט נאך ערגערע — די אידי־שע אנטיסעמיטען. מיר האבען שוין דאמאלס געהאט א גרויסע צאהל אידישע ליטעראטען אין פרעמדע שפראכען, אידישע דאקטוירים, אידישע יוריסטען, אידישע אינזשינערען און אידישע מעכאניקער, וואס האבען זיך שוין כמעט אין גאנצען אסימילירט און האבען בעקומען מעהר אדער וויינעגער גוטע שטעלען אין דער רעגירונג. אום זיכער צו זיין מיט די דאזיגע שטעלען, האט מען געדארפט חנפ'ענען די העכערע קריסטליכע בעאמטע און נושא חן זיין ביי דעם קריסטליכען פובליקום, און דער „בעסטער וועג" צו געפינען „לייטזעליגקייט" אין די אויגען פון די קריסטען, איז געווען: אפלאכען, חוזק מאכען און קריטיקירען דעם אייגענעם יודענטהום, די אייגענע טאטעס און מאמעס, די אייגענע ברידער און שוועסטער. צו בעקומען אן איינלאדונג אין קלוב, און פאר דער „גדולה" צו טאנצען א קאדריל מיט א שיקסע, האבען זיי אויסגערעדט כל דבר אסור אויף זייער אייגענעם פאלק, און דאס, וואס די אידישע דאקטוירימלאך, יוריסטלאך און אינזשינערלאך האבען נאר גע־קענט טהאן מיט זייערע מיילער, דאס זעלביגע האבען נאך מיט מעהר פריש־קייט געטהאן די „ליטעראטען" מיט זייערע גיפטיגע פעדערס, זיי האבען ארויסגעגעבען ווערק אין וועלכע זיי האבען געשאפען משונה'דיגע אידישע טיפען און כאראקטערען, האבען דעם יודענטהום צוגעשפילעוועט פעהלערען, וועלכע עס געפינען זיך ניט אין זיין גבול און האבען תמיד דעם אידען גע־מאלט אין די העסליכסטע פארבען. צו דיעזע קאטעגאריע ליטעראטען הא־בען געהערט באגראוו און לעוואנדא מיט זייערע ערשטע ווערק אין רוסיש. שפעטער, ווען זיי האבען דערזעהן דעם באנקראט פון דער אסימילאציאן, האבען זיי איבערגעדרעהט דעם שווערד נעגען די שונאי ישראל און האבען חוזר בתשובה געווען.

עס זיינען אבער אויך געווען אייניגע פון די אסימילאנטען, וואס זיינען ניט אנטלאפען געווארען פון דער אידישער פאהן, און כאטש זיי האבען גע־גלויבט, אז די אסימילאציאן און רוסיפיצירונג פון די אידען וועט זייער לאנגע פערבעסערען, האבען זיי פאר דעם אלטען יודענטהום מלחמה געהאל־טען מיט זייער פעדער. פראפעסאר חוואלסאן, ארשאנסקי און דר. ראבינא־

וויטש (דער איבערזעצער פון תלמוד אין פראנצויז) האבען מיט זייערע ווערק דעם אלטען יודענטהום פערטהיידיגט פון אלע זייטען.

גגען דער רוסיפיצירונג און דער אסימילאציאן און איבערהויפט געגען די פיעבערהאפטע בעוועגונג אונטער די רוסישע אידען פאר די אלגעמיינע בילדונג, איז אויך ארויסגעטרעטען דער גרויסער אידישער ליטעראט ש ל ו ם י ע ק ב א ב ר א מ א ו ו י ץ, אדער, ווי ער רופט זיך מיט זיין ליטערארי־שען נאמען: „מענדעלע מוכר ספרים". זיין טענה איז געווען, אז פריהער פאר אלץ דארף מען דעם אידען געבען פרייהייט און גלייכע רעכטע מיט אלע רוסישע בירגער צוגלייך, דאן וועט ער זיך שוין קענען בילדען. אבער כל זמן אלע וועגען זיינען פאר איהם פערשלאסען און ער דארף זארגען וועגען זיין חיונה, קענען איהם פילאזאפיע און וויסענשאפט אין קאפ ניט קריכען. מיט די מוזשיקעס האט די רוסישע רעגיערונג אזוי געטהאן: פריהער האט זי זיי בעפרייט פון דעם שקלאפעניאך, און שולען האט זי פאר זיי ערשט שפעטער געבויט. פאר וואס זאל די רעגיערונג ניט טהאן דאס זעלביגע מיט די אי־דען? אין זיין ווערק „די קליאטשע", זאגט שלום יעקב אבראמאוויץ: „קיין טאנץ געהט ניט פאר דעם עסען! פריהער גיט די קליאטשע (די כנסת ישראל) עסען, דערנאך וועט איהר זי לערנען טאנצען. ער טענה'ט ניט צו די אידען, וואס קענען זיך ניט העלפען; זיין טענה איז אדרעסירט צו דער רעגיערונג, וואס קען יא העלפען די אידען, אויב זי האט נאר לוסט דערצו. נאטירליך, האט ער אזא ווערק ווי „די קליאטשע" ניט געקענט שרייבען אין רוסיש, ווייל דער צענזאר וואלט איהר ניט געלאזט דרוקען, דארום האט ער זי געשריעבען אין איינפאכען אידישען זשארגאן און האט מיט דעם איינ־פאכען אידישען עולם געלערענט, וואס צו ענטפערען ביי א געלעגענהייט א קריסטליכען אנטיסעמיט, ווען ער וועט צו איהם קומען מיט טענות. ווי מיר איז בעקאנט, האט שלום יעקב אבראמאוויץ געהאט גענוג צרות מיט דער „קליאטשע", ביז עס איז איהם געלונגען זי אפצודרוקען. א לאנגע צייט האט ער זיך מיט איהר ארומגעטראגען פון איין צענזאר צום צווייטען. קיינער פון זיי האט איהר ניט געוואלט צולאזען צום דרוק. עפעס האט זיי די הארץ געזאגט, אז מיט דער „קליאטשע" מיינט ער די רוסישע אידען און מיט דעם בעל־העגלה — דעם רוסישען קייזער. ענדליך האט ער געפונען א צענזאר, וואס איז ניט געווען, אדער, וואס האט ניט ג ע ו ו א ל ט זיין אזא גרויסער חכם, און יענער האט איהם געגעבען די ערלויבניס דאס ווערק צו דרוקען.

## מיין קומען אין מינסק.

אין יאהר 1871 האט אין ווילנא אויסגעבראכען די כאלערא און האט אין מיין פאמיליע אנגעמאכט א גרויסען חורבן. פיער טעג פאר תשעה־באב איז ביי מיר קראנק געווארען אויף כאלערא מיין פיער־יאהריגער זוהן עקיבא, אויף דעם צווייטען טאג איז אויך קראנק געווארען אויף דערזעלביגער קראנקהייט מיין עלטערע מיידעלע פעסיע און אויף דעם דריטען טאג — מיינע א אינגערע מיידעלע יענטע־לאה, און אלע דריי זיינען איינע נאך דעם אנדערען געשטארבען. איך און מיין פרוי זיינען געבליעבען אין דער גרעס־טער פערצווייפלונג.

ר׳ ישראל סאלאנטער ז״ל האט מיר געהייסען גלייך אוועקפאהרען פון ווילנא. איך האב געלאזט פאקען מיינע זאכען און געדונגען א פוהר, וואס זאל אונז ברייגגען אין מינסק. מיר האבען אויסערוועהלט מינסק איבער צוויי אורזאכען: ערשטענס האבען דארטען געוואוינט די עלטערען פון מיין פרוי, און צווייטענס, ווייל מינסק איז פריי געוועזען פון דער כאלערא. ערב תשעה־באב זיינען מיר, איך, מיין פרוי און אונזער קינד, א מיידעלע איטע־קיילע, ארויסגעפאהרען פון ווילנא. אין מיטען וועג, א פאר מייל פאר סמארגאן, איז קראנק געווארען אויף כאלערא מיין לעצטעס קינד. מיר האבען זי געבראכט נאך סמארגאן, וואו זי איז געשטארבען און וואו מיר האבען זי מקבר געווען. מיר זיינען געקומען אין מינסק, אבער דאס געזונד פון מיין פרוי איז שוין געווען אין גאנצען צובראכען. זי האט דעם אונגליק ניט געקענט אריבער־טראגען און האט בעקומען א לונגען־קראנקהייט. זי האט געהוסט מיט בלוט און מיט שטיקער לונגען. א קורצע צייט נאכדעם האט זי מפיל געווען א צווילינג, האט זי אויסגעהוסט איהר לעצטען שטיקעל לונג. זי איז געשטאר־בען פיער טעג אין אלול, תרל״ב (1872), נאכדעם ווי זי איז 9 יאהר מיין פרוי געוועזן. זי ליעגט אויף מינסקער בית־עולם, און אויף איהר מצבה האב איך פאלגענדען נוסח אויפגעשריעבען:

פה נקברה
אשה יקרה
רכה בשנים, אהה לשבר!
ועשרת ילדיה

קברה בהייה
ועריריח ירדה אחריהם קבר.

זעקס וואכען נאך מיין קומען אין מינסק, ערב ראש־השנה תרל״ב, האב איך געשריעבען מיין ליעד „לשנת תרל״ב" אדער „דער פאצטאווער גלע־קעל". אין דעם משך פון 1871 ביז 1872 האב איך געשריעבען מיינע בעסטע און די מעהרסטע פון מיינע ליעדער. דער אונערוואַרטעטער און שרעקליכער אונגליק, וואס האט פון מיר אוועקגערויבט מיין פאמיליע, האט מיר געעפענט מיין מויל, ווי איוב'ן אין זיין צייט. אזוי ווי ער, האב איך בעקומען א דונער נאך א דונער, און נאך מעהר פון איהם בין איך געשטראפט געווארען, ווייל דער טויט האט אויך מיין פרוי פון מיר אוועקגעריסען. אין יענעם יאהר האב איך נאך געשריעבען די ליעדער: „די אייזענבאהן", „די פערשיעדענע וועלט", „דער סנדק" און דעם גרעסטען טהייל פון מיין ווערק „מכירת יוסף".

ר' יהושע פייגעלסאן, איינער פון די וויכטיגסטע תלמודיסטען אין חריפים אין יענער צייט, וואס האט מיט מיר געוואוינט אין שכנות און איז געווען מיין אינטימער פריינד, איז אויך געווען דער שדכן צווישען מיר און מיין יעצטיגע פרוי פייגעל. זי שטאמט פון א פיינע פאמיליע, וואס זיינען געווען לויטער לומדים און יחסנים.

די צוויי פרעמדע אוןווילדע בוימער „רוסיפיצירונג" און „אסימילא־ציאן", וועלכע די רוסישע אידען האבען איינגעפלאנצט און געלאזט וואקסען אין זייער אידישען גארטען, האבען אנגעהויבען צו געבען זייער ביטערע פרוכט. אידישע יונגע לייט האבען זיך אנגעהויבען אריינצומישען אין דער רעוואלוציאנערער בעוועגונג, וואס האט זיך אין יענער צייט מיט יעדען טאג אלץ מעהר פערשפרייט איבער גאנץ רוסלאנד. אין אנפאנג פון דעם יאהר 1872 האט מען אין ווילנא אין איין נאכט ארעסטירט 40 אידישע יונגע לייט, וועלכע די פאליציי האט געהאלטען פאר ניהיליסטען. גענעראל פאטאפאוו, וואס איז דאמאלס געווען דער גענעראל־גובערנאטאר פון ווילנער אקרוג, האט צו זיך איינגעלאדען אויף א קאנפערענץ איינזיגע פארשטעהער פון אידען. עס זיינען צו איהם געקומען ר' מתתיהו שטראשון, ר' יענקעלע קאוונער, ר' שמואל פיעסקין און ר' יעקלע ר' זלמן ר' אוריה'ס. פאטאפאוו איז צו זיי ארויסגעקומען און האט זיך צו זיי געווענדעט בזה הלשון:

— „צו אלע אייערע „גרויסע מעלות", וואס איהר אידען בעזיצט, האט אייך נאך געפעהלט צו זיין ניהיליסטען אויך!" —

א טויט שרעק איז געפאלען אויף די אידישע פארשטעהער.

— „מיר זיינען ניהיליסטען?“ — האט איינער פון די פארשטעהער געפרעגט —

— „יעדענפאלס זיינען דאס אייערע קינדער!“ — האט זיי פאטאפאוו געענטפערט — „זיי זיינען דאס געווארען דורך די שלעכטע ערציהונג, וואס איהר גיט זיי!“ —

— „עטנשולדיגט מיר, גענעראל!“ — האט זיך ר' יענקעלע קאוונער אפגערופען — „די זאך איז ניט ריכטיג! כל־זמן מיר אליין האבען אונזערע קינדער ערצויגען, זיינען ביי אונז קיין ניהיליסטען ניט געווען; אבער גלייך ווי א י ה ר האט גענומען אין א י י ע ר ע הענט די ערציהונג פון אונזערע קינדער, זיינען זיי דאס געווארען.“

דיעזער ענטפער פון ר' יענקעלע קאוונער (ר' יעקב באריט), האט געהאט שווערע פאלגען פאר די רוסישע אידען. גענעראל פאטאפאוו האט דיעזען ענטפער איבערגעגעבען אין פעטערסבורג (און אפשר נאך מיט א פאר פעטע פירושים פון זיין זייט), און א קורצע צייט נאכדעם, איז אנגעקומען דער אוקאז מען זאל פערשליסען די צוויי ראבינער שולען, אין ווילנא און זשי־טאמיר.

דאמאלס האב איך פערפאסט מיין ליעד „שולמית“ אין אידיש און אין לשון־קדש, און אין איהר שפיעגעלט זיך אפ א גרויסער טהייל פון די אידישע צרות אין יענער צייט. איך האב זי געמוזט פערפאסען אלס אלעגאריע, דאס הייסט: פערשטעלט און פערדעקט, כדי דער צענזאר זאל צו איהר קיין טענות ניט האבען און זאל זי צולאזען צום דרוק. מיט א יאהר שפעטער האב איך פערפאסט מיין ליעד „מה נשתנה“ אין צוויי טהייל. מיט איהר האב איך אויפמערקזאם געמאכט די יונגע מענשען פון נייעם דור אויף דעם פעהלער, וואס זיי בעגעהען מיט דעם, וואס זיי דערווייטערען זיך פון דער אידישער אמונה, און האבען געבראכט דערצו, דאס קיין פאטער וויל שוין ניט לאזען בילדען זיינע קינדער. אין יענעם ליעד געפינען זיך, צום ביי־שפיעל אזעלכע פערזען:

„פונקט ווי רעדער אין א וואגען,
וואס די משא ציהט —
ווען דער סווארען איז פארשלאגען,
געהט די משא מיט;
נעהמט איהר נאר ארויס דעם סווארען,

קען שוין מעהר ניט געהן —
די פאדער־רעדער אויף פריהער פאהרען
די הינטערסטע בלייבען שטעהן.
די נייע וועלט אויף פריהער פאהרען
בילדונג בארג ארויף;
די אמונה איז דער סווארען,
וואס האלטביידען אויף.
האלט־זשע שטייפער אייער גלויבען,
ווען איהר אפריהער געהט!
זאנסט לויפט איהר אליין נאר אויבען
דער גאנצער וואגען שטעהט".

פיעלע גרויסע אידישע ליטעראטען, ווען זיי פלעגען דורכפאהרען מינסק, פלעגען מיך בעזוכען און פלעגען זיך מיט מיר אונטערהאלטען. אין יאהר 1873 האט מיך בעזוכט דער גרויסער משכיל און ליטעראט ר' אליעזר הכהן צווייפעל. ער האט ביי מיר פערבראכט דריי טעג און דיעזע דריי טעג זיינען מיר געבליבען אלס א זיסער זכרון ביז היינטיגען טאג. ער האט דאמאלס געדרוקט זיין ספר „סנגור" און די צוויי ווערק „תכחת חיים" און „מוסר השכל" אין אידיש.

דעם 8טען יולי 1873 איז מיר געבארען געווארען מיין ערשטער זוהן פייטעל. נאך דעם פינסטערן ע׳ענד, וואס איך האב דורכגעלעבט די לעצטע צייט, איז מיר זיין געבורט געוועזן ווי א מתנה פון הימעל. איך האב בעקומען מעהר מוטה און נייע האפנונגען.

אין יענער צייט האב איך פערפאסט מעהרערע פון מיינע ליעדער, פון וועלכע עס האבען זיך אויסגעצייכענט די ליעדער: „דער צבוע'ק", „די לבנה", „א קרבן פאר יחוס" און „דער איזבארשטשיק". די אורזאכע, וואס האט מיך געבראכט צו שרייבען דעם ליעד „דער איזבארשטשיק", איז געוועזן א פאקט, וואס איז געבליבען לעבען אין מיין עראינערונג: איך בין אראפגעבראכט געווארען פון מינסק נאך ווילנא צו א חתונה. צו דער „חופה־וועטשערע", ווען איך האב געהאלטען אין רעכטען מיטען פארטראג, זיינען אריינגעקומען „כאפערס" מיט קאזאקען און האבען צוגענומען דעם חתן אין דער געגענווארט פון הונדערטע מענשען. דיעזער טרויעריגער פאקט האט מיך זעהר געערגערט, און איך האב מיך געגען קהל ארויסגעדריקט מיט איינינע הארטע ווערטער. באלד נאכדעם זיינען צו מיר אין דער אכסניא אנ־

געקומען „כאפערס“ מיט קאזאקען און מען האט מיך אפגעפיהרט אין דער קאזארמע, ווי אמאל אין באברויסק. איך בין דאמאלס שוין 32 יאהר אלט געווען, און מיין ברודער עקיבא האט נאך דאמאלס געדיענט אלס סאלדאט. מען האט מיר אפילו ניט לאנג געהאלטען; מען האט מיך ארויסגעלאזען פריי, אבער מען האט מיך געווארנט, אז איך זאל מעהר ניט וואגען צו קריטיקירען די מאכערס פון קהל. א לאנגע צייט האב איך ווירקליך געשוויגען, אבער אין יאהר 1874, ווען אלעקסאנדער דער צווייטער האט מיט זיין אוקאז אפגעשאפט דעם אלטען סיסטעם פון רעקרוטירונג, און האט איינגעפיהרט דעם נייעם סיסטעם, האב איך אנגעשריעבען דאס ליעד „דער איזבארשטשיק“ און האב זי געזונגען ביי יעדער געלעגענהייט, צו דער גרויסער צופריעדענהייט פון דעם אידישען עולם, וואס איז בעפרייט געווארען פון די אידישע „כאפערס“ און פון די קהל'שע בלוטזויגער.

אין יאהר 1881 האב איך אין מינסק אויפגעעפענט א טוך־געשעפט און האב געגלויבט, אז איך וועל שוין פטור ווערען פון מיין ביטערער פרנסה, אבער דאס געשעפט איז שלעכט געגאנגען. 18 מאנאט האב איך מיך געפלאגט מיט מיין נייעם געשעפט און לסוף האב איך פערלארען מיין גאנצען קאפיטאל און האב מיין געשעפט געמוזט שליסען.

די פעריאדע פון די ערשטע פאגראמען אויף אידען אין רוסלאנד, קען בעצייכענט ווערען מיט דעם נאמען: „דער דריטער חורבן“. אין דיעזער פעריאדע האבען אידען געוויס ניט וועניגער געליטען ווי אין די ערשטע צוויי חורבנות.

אין אנפאנג פון יאהר 1881, אין מאנאט מערץ, איז געשטארבען דער קייזער אלעקסאנדער דער צווייטער. אלע רוסישע אידען האבען הערצליך בעדויערט זיין טויט.

זיין טויט האט געדיענט אלס סיגנאל פאר די רוסישע אנטיסעמיטען אנצופאנגען א גאנצע רייהע פון שרעקליכע פאגראמען אויף די רוסישע אידען, און שוין פיער וואכען נאך אלעקסאנדער דעם צווייטענס טויט, דעם 23טען אפריל 1881, איז געווען דער ערשטער פאגראם אין יעליסאוועטגראד. דעם 15טען מאי האט זיך דער פאגראם ווידערהאלט אין קיעוו, און גלייך נאכדעם האט מען אידען געשלאגען אין פיעלע אנדערע שטעדט. עס האט אויסגעזעהן אזוי ווי די אנטיסעמיטען האבען נאר געווארט אויף אלעקסאנדער דעם צווייטענס טויט, אום אנצופאלען אויף די אידען און זיי מאכען תחת חרב.

שרעק און טרויער האט געהערשט אונטער די 5 מיליאן רוסישע אידען. זייער גאנצער מוטה איז מיט איינמאל אראפגעפאלען. יעדער איינער האט געפיהלט, אז ער איז ניט זיכער ניט נאר מיט זיין פערמעגען, אויך זיין לעבען שוועבט אין א גרויסער סכנה. די פאגראמען זיינען פאר זיי געווען אונערווארטעט, ווי א דונער פון לויטערן הימעל. אין אנפאנג האט יערער איינער געגלויבט, אז די פאגראמען שטאמען פון די האלב־ווילדע מוזשיקעס, וואס האבען בעקומען לוסט די אידען צו בעראבעווען, אבער דאס איז געווים געגען דעם ווילען פון דער רעגיערונג; שפעטער איז שוין קלאר געווארען, אז דיעזע בלוטיגע בעוועגונג געגען די רוסישע אידען שטאמט פון דער רעגיערונג זעלבסט און זי ווארפט ארויף די שולד אויף די מוזשיקעס. מען האט איינגעזעהן, אז די רעגיערונג וויל ניט בעשיצען די אידען געגען די פאגראמשטשיקעס. די סאלדאטען, וואס זיינען ארויסגעשיקט געווארען די אידען כלומרשט צו בעשיצען, זיינען תמיד ארויסגעשיקט געווארען אויפ'ן דריטען טאג, דאס הייסט: דאמאלס, ווען די רויבער האבען שוין אלעס אוועקגערויבט צובראכען און צושטאכען. ווען די סאלדאטען זיינען שוין ענדליך אנגעקומען, האבען זיי די אידען ניט געלאזט זיך פערטהיידיגען געגען די פאגראמשטשיקעס. זיי פלעגען די מוזשיקעס אויך ניט שטערן אין זייער בלוטיגער ארבייט; מען האט זיי געלאזען ברעכען און ראבעווען. דער אפיציער פלעגט נאר צו זיי זאגען: „גאספאדא, פא־טישע!“ (א ביסעל שטילער, מיינע הערן!) מיט אנדערע ווערטער: שלאגט, מארדעט, רויבט, ברעכט און שטעכט, נאר מאכט ניט קיין רעש!...

ווען די פאגראמען האבען זיך פארשפרייט איבער דעם גאנצען אידישען תחום און אין אויסלאנד האבען זיך אנגעהויבען קאלטע און ווארעמע פראטעסטען געגען רוסלאנד, האט דער רוסישער אינלענדישער מיניסטער געלאזט אפהאלטען קאנפערענצען אין אלע גובערניעס פון דער „טשערטא אסיעדלאסטי“ מיט דעם צוועק אויסצוגעפינען די אורזאכען פון די פאגראמען. ער האט מיט דיעזע קאנפערענצען די אויסלענדישע „פראטעסטירער“ געוואלט בעווייזען, אז די רוסישע רעגיערונג איז אין די פאגראמען ניט שולדיג, און אז זיי זיינען געקומען איבער געוויסע אורזאכען. צו דיעזע קאנפערענצען האט מען אויך איינגעלאדען אידישע דעלעגאטען, אבער זיי האבען דארטען נאר א טרויעריגע ראלע געשפיעלט. די קריסטליכע דעלעגאטען זיינען געווען צום גרעסטען טהייל בעוואוסטע אנטיסעמיטען, וואס האבען זיך שוין פריהער אויסגעצייכענט מיט זייער ביטערען האס צו די

אידען. ביי די זיצונגען האבען זיי אויסגעגאסען זייער גאנצע שנאה אויף די אידען און האבען אויף זיי געמאכט שרעקליכע בלבולים. אלע רוסישע אידען זיינען ערקלערט געווארען פאר שווינדלער, גנבים, פאראזיטען און בלוט־זויגער, וואס לעבען נאר אויף דעם חשבון פון דעם רוסישען פאלק. און ווייל דאס רוסישע פאלק קען שוין מעהר ניט טראגען דעם „אידישען יאך", דארום מאכען זיי פאגראמען. מיט אזעלכע בלבולים האט מען געזוכט צו פארשטאפען די מיילער פון די אויסלענדישע „שרייער". ווען די אידישע דעלעגאטען האבען געוואלט ענטפערן און בעווייזען, אז די דאזיגע בלבולים זיינען פאלש, האט מען זיי ניט געלאזט ריידען.

עס איז די רוסישע אידען קלאר געווארען, אז דער מקור פון די פאג־ראמען און פון די אלע נייע גזרות, וואס זיינען ארויסגעגעבען געווארען אויף אידען איינע נאך די אנדערע, איז די רעגיערונג אליין. זי שיקט אויפריי־צער אין די שטעדט און אין די דערפער, אום די מוזשיקעס געגען די אידען אויפצורייצען, אבער כדי זיך אויסצופיינען פאר דער וועלט, פלעגט זי לא־זען ארעסטירען צוויי אדער דריי פון א גאנצע באנדע פאגראמשטשיקעס און פלעגט זיי בעשטראפען מיט א טאג אדער צוויי טעג ארעסט. ערשט דאמאלס האבען די רוסישע אידען איינגעזעהן, אז זיי האבען פון רוסלאנד גאר ניט צו האפען, אז זייער אייגענטהום און זייער בלוט איז הפקר, און עס האט זיך אנגעהויבען די תקופה פון א ו י ס נ י כ ט ע ר ו נ ג. די אי־דישע אינטעליגענץ, וואס האט געגלויבט, אז די רוסיפיצירונג און די מא־דערנע ציוויליזאציאן וועט זיין דער אמת'ער אידישער משיח, האט איינגע־זעהן אהר ביטערען טעות, זי איז ענדליך געקומען צו דער איבערציי־גונג, אז גאר אומזיסט האט זי געטאנצט אויף א פרעמדען שטריק און געמאכט משונה'דיגע לופט־קונצען...

אויך א גרויסער טהייל פון די אידישע ליטעראטען, וואס האבען פריי־הער געגלויבט, אז די אידישע גאולה קען נאר קומען דורך דער אסימילא־ציאן, האבען איינגעזעהן זייער טעות, און האבען אנגעפאנגען צוריקצוטרע־טען פון דעם וועג, וועלכען זיי האבען אויסגעטראטען פאר דער אידישער יוגענד. די ליעבע צו זייער פאלק האט ווידער אויפגעוואכט אין זייער ברוסט, ווען זיי האבען דערזעהן, אז די רוסישע רעגיערונג האסט פון גרונד־הארצען די אידען, און ניט נאר וואס זי פערשליסט פון זיי אלע בילדונגס־אנשטאלטען, זי פערשטעלט אויך פון זיי די וועגען צו עהרליכער פרנסה. עס האט זיך אנגעהויבען א גרויסע בעוועגונג אין די אידישע צייטונגען.

מען האָט אַנגעהויבען צו זוכען מיטלען, ווי אַזוי זיך צו העלפען, ביז עס איז געקומען דר. פינסקער מיט זיין ווערק „אויטאָ־עמאַנציפּאַציאָן“ און האָט אַנגעוויזען דעם רעכטיגען וועג — די עמיגראַציאָן.

אויך אין דער אידעע פון דער אויסוואַנדערונג פון רוסלאַנד האָבען זיך די רוסישע אידען צוטהיילט אין צוויי לאַגערען: פּ ר אַ ק ט י ש ע און א י ד ע אַ ל י ס ט ע ן. די פּראַקטישע האָבען אַנגעהויבען אויסצואוואַנדערן נאָך אמעריקא, אַ לאַנד, וואָס האָט זיי אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס און האָט זיי געגעבען אַלע רעכטע מיט אַלע אמעריקאַנער צוגלייך, און די אידעאַליסטען האָבען אויסגעפונען, אז די בעסטע היים איז פאַר זיי די אַלטע היים — ציון. אין יענער צייט האָט דער ענגלישער קריסטליכער אריסטאָקראַט, סער אָליפאַנט, זעהר שטאַרק אַגיטירט פאַר דער אידעע די אידען פון דאָס ניי צו בעזעצען אין פּאַלעסטינא און איז צוליעב דיעזען צוועק געפאַהרען נאָך קאָנסטאַנטינאָפּאָל, אום וועגען דעם מיט דעם סולטאַן אונטערצוהאַנדלען. דאָס האָט געמאַכט די ערשטע ציוניסטישע בעוועגונג און פיעלע אידישע יונגע לייט האָבען אויסגעוואַנדערט נאָך פּאַלעסטינא, וואו זיי האָבען געגרינדעט די ערשטע אידישע קאָלאָניעס און האָבען זיך בעשעפטיגט מיט ערד־ארבייט.

די ערשטע, וואָס זיינען בעגייסטערט געוואָרען מיט דער ציוניסטישער אידעע, זיינען געוועזען דער גרעסטער טהייל פון די אידישע ליטעראַטען, די קליגערע רבנים און כמעט די גאַנצע אידישע יוגענד: די אידישע גבירים, אַ גרויסער טהייל פון די רבנים און די חסידים מיט זייערע רביים, זיינען געוועזען שטאַרקע געגנער פון דער בעוועגונג. פון כאַרקאָווער אוניווערזיטעט זיינען ארויסגעפאָהרען 20 אידישע סטודענטען און זיינען אַוועק נאָך פּאַלעסטינא. דורכגעפאָהרען מינסק, האָבען זיי מיך בעזוכט און איך האָב פאַר זיי אַנגעשריעבען מיין ליעד „שיבת־ציון“ אין זשאַרגאָן און אין העברעאיש. יעצט, ווען איך שרייב דיעזען קאַפּיטעל, זיינען שוין אַוועק 20 יאָהר, זינט איך האָב יענע ליעד פערפאַסט, און איך קען מיך ניט אָפּוואונדערן ווי ריכטיג איך האָב מיט איהר געציעלט. איך האָב אין דעם ליעד די ציוניסטישע בעוועגונג פערגליכען צו אַ גרויסען טייך, וואָס פאַנגט זיך אָן פון אַ גאַנץ קליינעם שטראָם, דין ווי אַ פאָדים, און ווערט אַלץ ברייטער און טיעפער פון זייטיגע שטראָמען, וואָס פליסען אין איהם אריין, ביז ער ווערט שוין אַזוי גרויס, דאָס עס קענען אויף איהם שווימען די גרעסטע שיפען. אַזוי איז עס געוועזען מיט דער ציוניסטישער בעוועגונג: אין אָנפאַנג איז זי זעהר

קליין געווען; מען האט נאר פון איהר ג ע ר ע ד ט, שפעטער האט מען שוין אנגעהויבען צו טהאן. די ערשטע זיינען געווען די כארקאווער סטודענטען. שפעטער האט מען שוין וועגען דעם אפגעהאלטען א קאנפערענץ אין דרוזגעניק, גראדנער גובערניע, צו וועלכער ס'איז געקומען דער גאון ר' שמואל מאהילעווער ז"ל און נאך איינגע רבנים. נאך גרעסער, נאך שטארקער און נאך ווירקזאמער איז די ציוניסטישע בעוועגונג געווארען דורך דר. טהעאדאר הערצל ז"ל, ווען ער איז ארויסגעטראטען אין דער עפענטליכקייט מיט זיין ווערק „דער יודענטשטאאט". ער איז געווען דער גרינדער פון דעם מאדערנעם ציוניזמוס, און ער האט פאר דער אידעע פעראינטערעסירט די גרעסטע מענשען פון אייראפא ווי דר. מאקס נארדוי, פראפעסאר לאמבראזא און פיעלע אנדערע. ער האט פעררופען די גרויסע אידישע אסיפות אין באזעל און אין לאנדאן און ער האט געגרינדעט די אידישע „קאלאניאל-באנק" אין לאנדאן און די „אקציאנס-קאמיטע" אין וויען.

דער מאדערנער ציוניזמוס האט שוין אין דער קורצער צייט פון זיין עקזיסטענץ דערגרייכט אזא געוואלדיגען זיעג, וואס קיין אידעע האט נאך ניט געהאט ביז היינטיגען טאג: ער האט אויפגעוועקט דעם אידישען נאציאנאלען געפיהל פון זיין טויזענד-יאהריגען שלאף, מיט אנדערע ווערטער: ער האט די אידען פאר א י ד ע ן געמאכט און האט זיי פערזאמעלט אונטער איין פאהן. די געגנער פון ציוניזמוס קענען נאר קריטיקירען די מ א ט ע ר י ע ל ע זייט פון דער בעוועגונג מיט דער בעהויפטונג, אז די גאנצע ציוניסטישע אידעע איז נאר אן אויטאפיע, אז די גרינדונג פון א אידישע אויטאנאמיע אין פאלעסטינא, איז נאר א חלום, וואס קען קיין מאל ניט פערווירקליכט ווערען, אבער זיי מוזען צוגעבען, אז די ציוניסטישע בעוועגונג האט שוין פון דער מ א ר א ל י ש ע ר זייט זעהר פיעל געוואונען. זי האט כמעט דאס גאנצע אידישע פאלק אויפגעוועקט צו נייעם לעבען, זי האט אפגעריסען די אידישע יוגענד פון די אסימילאטארישע הבלים, אין וועלכע זיי זיינען פריהער פערזונקען געווען און האט זיי צוריקגעגעבען די זעלבסטאכטונג, פון וועלכע זיי האבען פריהער ניט געוואוסט. דער ציוניזמוס איז געווארען א מין צעמענט, וואס האט צוזאמענגעקלעפט די פיעלע אידישע פארטייען, די צווייטע און צושפרייטע אידישע גליעדער אין איין קערפער; עס איז געבארען געווארען די א י ד י ש ע א ח ד ו ת, און דאס אליין איז שוין א גרויסער זיעג.

די אידישע ליטעראטען, וואס האבען פריהער געהאלפען מיט זייער פעדער דעם אידען שווארץ צו מאכען, די לייכטזיניגע אידען, וואס זיינען איבערגעגאנגען צום קריסטענטהום מיט דעם איינציגען צוועק גלייכע רעכטע מיט די קריסטען צו בעקומען און יענע אלע, וואס האבען געזוכט זייער רעטונג און הילף אין דער אסימילאציאן — האבען איינגעזעהן, אז זייערע חשבונות זיינען פאלשע. די וואס האבען געזוכט דעם אידען שווארץ צו מאכען, האבען נאר זיך אליין שווארץ געמאכט און אליין זיינען זיי אויף קיין האר ניט חשוב'ער געווארען ביי די קריסטען: די משומדים האבען זיך באלד אויסגעפונען אז דער אנגענומענער צלם שיצט זיי ניט פון בעליי־דיגונגען און רדיפות, זיי ווערען נאך אלץ בעטראכט און בעהאנדעלט ווי „פרעמדע" און די אסימילאנטען זיינען באלד געוואהר געווארען, אז מיט דעם פרייז פון דער אידישקייט, האבען זיי זיך נאר אייביגע צרות געקויפט. זיי האבען זיך געפונען הייגנענדיג אין דער לופטען צווישען הימעל און ערד. זיי זיינען ניט קיין אידען און ניט קיין קריסטען. זייערע קריסטליכע ווייבער האבען צו זיי ניט קיין ליעבע און ניט קיין אכטונג, און ביי יעדער געלעגענהייט ווערען זיי פון זיי טיטולירט מיט דעם נאמען: „זשיד". נאך גרעסער איז געווען די שפאלטונג צווישען זיי און זייערע קינדער, וואס זיינען זיי געבארען געווארען פון קריסטליכע פרויען, און וועלכע די מו־טערס האבען ערצויגען פאר קריסטען און האבען אין זיי איינגעפלאנצט א טיעפע שנאה צו די אידען. די דאזיגע קינדער פלעגען לאכען פון זייערע אידישע טאטעס און פלעגען פון זיי חוזק מאכען ביי יעדער געלעגענהייט. דאס אלעס האבען זיי אין דעם משך פון די לעצטע 25 יאהר איינגעזעהן און א גרויסער טהייל פון זיי האבען זיך צוריקגעקעהרט צום יודענטהום.

דער אװעקגעהן פון יודענטהום איז זעהר לייכט געווען, אבער דאס אומקעהרען זיך צוריק, איז שוין געווען זעהר שווער, און עס האבען זיך דערביי אפגעשפיעלט שרעקליכע טראגעדיעס. איך וויל דא נאר דערמאנען די שרעקליכע טראגעדיעס וואס האבען זיך אפגע־שפיעלט אין דעם לעבען פון איייניגע פון אונזערע בעריהמטע ליטעראטען און קינסטלער, ביי זייער צוריקקעהרען צום יודענטהום. דאס קען דיענען אונזערע אידישע דראמאטורגען אלס אויסגעצייכענטער שטאף פאר די אידישע ביהנע.

דער גרויסער אידישער ליטעראט לעווי לעוואנדא, וואס האט זיך אין זיין יוגענד אויך ניט געפוילט מיט זיין פעדער די אידען

פארצושטעלען אלס קאריקאטורען, האט אין ווילנער ראבינער־שול געשטו־דירט צוזאמען מיט א יונגען מאן מיט דעם נאמען: ס א ר ק י ן. שפע־טער איז דיעזער סארקין אוועק נאך קיעוו און האט זיך דארטען בעזעצט. ער האט זיך פערליעבט אין א קריסטליכע מיידעל, האט זיך געטויפט און האט מיט איהר חתונה געהאט. עס זיינען איהם געבארען געווארען עטליכע קינדער, אבער ער האט זיך באלד דערפיהלט זעהר אונגליקליך. זיין קריסט־ליכע פרוי האט מיט איהם ניט געקענט שטימען, זי פלעגט זיך זעהר אפט מיט איהם קריעגען און פלעגט איהם רופען „זשיד". קיין בעסערע בעהאנד־לונג האט ער אויך ניט געהאט פון זיינע אייגענע קינדער. זיין געוויסען האט איהם אנגעהויבען שרעקליך צו פלאגען און ער האט שוין חרטה געהאט אויף דעם פעהל־שריט, וואס ער האט געמאכט. ער האט דאס אבער ניט געקענט ארויסווייזען עפענטליך, ווייל אין רוסלאנד קוקט מען מיט טוי־זענד אויגען אויף די געטויפטע אידען. דאך האט ער איבערגעזעצט דעם ספר „אפס דמים" פון ר' יצחק לעווינזאהן אין רוסיש, וואס בעווייזט מיט קלאהרע ראיות, אז די מיינונג, דאס אידען דארפען האבען קריסטליכעס בלוט אויף פסח, איז נאר א ניעדערטרעכטיגער בלבול פון שונאי־ישראל. צו דיעזער איבערזעצונג האט ער אויפגעשריעבען א פייערדיגע הקדמה, אין וועל־כער עס שפיעגעלט זיך אפ זיין גאנצע אידישע הארץ און זיינע ריין־אידישע געפיהלען.

ווען עס האט אין קיעוו אויסגעבראכען דער שרעקליכער פאגראם אויף אידען, האבען זיך זיינע זיהן אוועקגעלאזען שלאגען און ראבעווען די אידען ווי אלע אנדערע פון די באסע־קאמאנדא. סארקין האט נאטירליך דערפון ניט געוואוסט. פאר נאכט זיינען זיינע זיהן צוריק געקומען אהיים שטארק אנגעטרונקען און האבען מיטגעבראכט גרויסע פעק מיט פערשיעדענע זא־כען, וואס זיי האבען אנגערויבט אין די אידישע הייזער און קראמען. די מוטער האט זיי בעגריסט מיט גרויס פרייד און האט זיי געלויבט פאר די „העלדענטהאטען", וואס זיי האבען בעוויזען.

— וואס איז דאס? וואס איז דאס פאר זאכען?" — האט זיי סארקין געפרעגט אין זיין הארץ איז שיער געשטארבען פאר שערק —

— „אה, פאפאשא" — האט איהם איינער פון די זיהן געענטפערט— „מיר זיינען יעצט געהייליגט דורך א הייליגע זאך, וואס מיר האבען גע־טהאן!" —

— „מיר האבען געטהאן, וואס פרומע קריסטען דארפען תמיד טהאן!"

—האט איהם א צוויטער זוהן געענטפערט — „מיר האבען זיך נוקם געווען אן די פערפלוכטע זשידעס, וואס האבען אונזער גאט געקרייציגט און גע־מאטערט אויפ׳ן קרייץ!“ —

זיין בלוט איז אין איהם פערגליווערט געווארען, אבער ער האט געמוזט שווייגען. ער האט געוואוסט, אז פאר דעם קלענסטען פראטעסט פון זיין זייט, קען ער ארעסטירט ווערען און פערשיקט ווערען נאך סיביר און די מוסרים וועלען זיין זיינע אייגענע קינדער, אבער דאס אלעס איבערטראגען האט ער שוין ניט געקענט, ער האט צוזאמענגענומען א פאר הונדערט רו־בעל, האט זיך שטילערהייד ארויסגע׳גנב׳עט פון הויז און איז אוועק נאך ווילנא צו זיין אלטען פריינד לעוו לעוואנדא, פאר וועלכען ער האט אויסגע־גאסען זייז ביטער הארץ.

צו יענער צייט איז שוין לעוואנדא׳ס הארץ אויך פול געווען מיט בי־טערער חרטה, און אלס ער האט זיין פריינד סארקין אויסגעהערט, האט ער זיך ביטער צואוויינט. איינינע טעג האט סארקין פערבראכט צוזאמען מיט זיין פריינד לעוואנדא. אלע טאג האבען זיי בעקומען ידיעות פון נייע פאגראמען אויף אידען אין פערשיעדענע שטעדט. סארקין האט דאס מעהר ניט געקענט אויסהאלטען. ער האט זיך איינגעשלאסען אין דעם צימער פון זיין האטעל און האט זיך אויפגעהאנגען.

די בשורה פון סארקין׳ס זעלבסטמארד האט אויף לעוואנדא׳ן געמאכט א טיעפען איינדרוק. ער איז אריינגעפאלען אין א טיעפער מעלאנכאליע, וואס איז שפעטער איבערגעגאנגען אין וואהנזין. ער איז ווילד געווארען, האט צובראכען זיינע מעבעל, צוריסען זיינע ביכער און מאנוסקריפטען און האט זיך געווארפען אויף די ארומיגע מענשען. זיינע פריינד האבען איהם אוועקגעפיהרט אין פעטערסבורג, מיט דער האפנונג, אז דארטען וועט מען איהם קענען קורירען, אבער מען האט איהם שוין ניט געקענט העלפען און נאך צוויי יאהר מיה און מאטערנים איז ער געשטארבען.

איך האב דאמאלס אויף זיין טראגישען טויט פערפאסט די „עלעגיע לעוואנדא“, וועלכע איז געדרוקט אין זשארגאן און אין רוסיש מיט פיאנא־בעגלייטונג.

דער אידישער בעריהמטער מוזיקער, קאמפאזיטאר און קאפעלמייסטער פון ווילנער שטאדט־טהעאטער ע ב א ז, איז אויך געפאלען אלס קרבן אויף דעם מזבח פון אסימילאציאן. ער האט קיינמאל ניט געוואלט קומען אין קיין שום בעריהרונג מיט אידען. ער איז געווען א הויז־פריינד ביי דעם

ווילנער גענעראל־גובערנאטאר און האט תמיד פערקעהרט אין דער געזעל־שאפט פון דער רוסישער אריסטאקראטיע און פון פוילישע מאגנאטען. אין די צייטען ווען אלעקסאנדער דער דריטער האט איבערגענומען דעם רוסי־שען טהראן, האט מען איהם גלייך דערמאנט, אז ער איז ניט מעהר, ניט וויינינגער ווי א „זשיד“. מען האט איהם אפגעזאגט פון זיין שטעלע אלס קאפעלמייסטער פון ווילנער שטאדט־טהעאטער און די קריסטליכע אריסטא־קראטען האבען פאר איהם פערשלאסען זייערע הייזער מיט זיעבען שלע־סער. דיעזע גראבע צוריקשטויסונג האט אויף איהם א שעקליכען איינ־דרוק געמאכט. ער האט בעקומען די אויסצעהרונג און איז אוועקגעפאהרען נאך יאלטא, אין קרים, אום זיך דארטען צו קורירען. דארטען האט קיינער ניט געוואוסט, אז ער איז א איד, און ווען ער האט שוין געהאלטען ביים שטארבען, איז צו איהם געקומען א גלח פאר וועלכען ער האט געדארפט ודוי זאגען, ווי דער קריסטליכער מנהג פערלאנגט. עבאן האט דעם גלח ניט אנגענומען און איז געשטארבען. די פאליציי פון יאלטא האט דורך א טעלעגראמע אנגעפרעגט אין ווילנא, צו איז עבאן א קריסט, אדער א איד. ערשט אין צוויי טעג ארום איז פון דעם ווילנער פאליציי־מייסטער אנגע־קומען דער ענטפער, אז ער איז א איד. מען האט געשיקט רופען די פאר־שטעהער פון דער אידישער געמיינדע אין יאלטא, און מען האט פון זיי פערלאנגט, אז זיי זאלען איהם בעערדיגען. די אידישע פארשטעהער האט־בען זיך ניט געאיילט דעם טויטען מקבר צו זיין; זיי האבען וואהרשיינליך געזוכט ריכטיגע בעווייזע, אז ער איז ווירקליך א איד, און וייל מען האט דעם טויטען קערפער לייננער שוין ניט געקענט האלטען, האבען איהם די פאלי־צייסקע ארויפגעווארפען אויף א מיסט־וואגען, האבען אוועקגעפיהרט אויף דעם קריסטליכען בית־עולם און האבען איהם בעערדיגט גאר אהן צערע־מאניעס.

דאס איז געוועזן דער סוף פון דעם גרויסען עבאן, פון דעם וועלט־בעריהמטען קינסטלער, וואס די גאנצע וועלט קוויקט זיך נאך איצט אויף מיט זיינע מוזיקאלישע פאנטאזיעס, מיט זיינע וואלצערס און מיט זיינע אויסגעצייכענטע קאמפאזיציאנען, אין דעם פאק זאכען, וואס מען האט אפגעשיקט אין ווילנא צו זיינע יורשים, האט מען געפונען זיינע מאנוסקריפ־טען. אין וועלכע ער האט אויסגעגאסען זיין ביטער הארץ, וואס איז פול געוועזן מיט חרטה אויף די פעהלערען, וואס ער איז אין זיין לעבען בעגאנגען געגען זיין פאלק.

דער גרויסער אידישער ליטעראט באַגראַוו האָט אויך געהאַט כמעט אַזאַ סוף ווי עבאַן. אויך ער האָט פאַר זיין טויט חרטה געהאַט, האָט פערדאַמט די אַסימילאַציאָן און איז געשטאָרבען מיט אַ ריינע אידישע האַרץ. אין זיינע לעצטע יאָהרען האָט ער זעהר פיעל פערטהיידיגט די רוסישע אידען מיט זיין קינסטלערישע פעדער און איז תמיד געשטאַנען אין אַ הייסען קאַמפף מיט די אַנטיסעמיטען. אַזעלכע טראַגעדיעס האָבען זיך צו יענער צייט אָפּגעשפּיעלט זעהר פיעל...

## נאָכוויהעענישען.

פון די שערקליכע פּאָגראָמען האָט נאָר אַ געוויסער טהייל פון די רוסישע אידען געליטען, דאָס הייסט: יענע אידען, וואָס האָבען דורך די פּאָגראָמען פערלאָרען זייער אייגענטהום, מענשען־לעבען, און ביי וועמען די געשעפטען זיינען צערשטערט געוואָרען; אָבער פון די „נאָכוויהעענישען“ האָט געליטען דער גאַנצער כלל־ישראל אין רוסלאַנד. אַנשטאָט די אונגליקליכע און צושראָקענע אידען צו העלפען און אונטערצושטיצען, ווי מען האָט מיט רעכט געקענט ערוואַרטען, האָט די רוסישע רעגירונג אָנגעהויבען צו מאַכען „ניט־בלוטיגע“ פּאָגראָמען, וואָס האָבען נאָך מעהר אידישעס בלוט פערגאָסען אַלס די פּאָגראָמען פון דער ווילדער באָסע קאַמאַנדאַ. אַלעקסאַנדער דער דריטער האָט פון זיך אָראָפּגעוואָרפען די מאַסקע און האָט פאַר דער וועלט געוויזען זיין וואַהרעס געזיכט, דאָס געזיכט פון אַ פאַנאַטישען אַנטיסעמיט. ער האָט עפענטליך ערקלערט, אַז ער האָט פיינט די אידען, און ווען די אידישע פאָרשטעהער זיינען צו איהם געקומען בעטען רחמים, האָט ער זיי געענטפערט: „זאַפּאַדנאַיאַ גראַניצאַ דליאַ וואַס אָטקריטאַ“!. דאָס הייסט: „דער גרעניץ אין מערב זייט שטעהט פאַר אייך אָפען; איהר קענט געהן!“ דער נייער אינלענדישער מיניסטער גראַף איגנאַטיעוו, האָט פערשטאַנען דעם זין פון דעם דאָזיגען ענטפער, ער האָט פערשטאַנען, אַז אַלעקסאַנדער וויל ניט האָבען קיין אידען אין זיין לאַנד, און האָט אָנגעהויבען צו זוכען מיטלען, דורך וועלכע די אידען זאָלען געצוואונגען זיין רוסלאַנד צו פערלאָזען. די מיטלען זיינען באַלד געפונען געוואָרען. ער האָט אָנגעהויבען אַרויסצוגעבען ביטערע אוקאַזען געגען די אידען, וואָס האָבען ביי זיי אַוועקגענומען דעם רעסט פון זייער פרייהייט און פון זייערע בירגערליכע רעכטע. די ביטערסטע פון זיי זיינען געוועזען דער פערבאָט

צו וואוינען אין די דערפער און דער אוקאז, אז נאר א קליינער פראצענט אידען זאלען צוגעלאזען ווערען אלס סטודענטען אין די אוניווערזיטעטען.

די רוסישע אידען האבען זיך מיט איינמאל אויסגעניכטערט פון דער אסימילאטארישער שכרות און די „עובדי הבעל" האבען אוועקגעווארפען זייערע אפגעטער און געצען. יענע, וואס האבען כמעט גאר ניט געוואוסט אז זיי זיינען „יוצא ירך אברהם אבינו", האבען זיך מיט איינמאל דערפיהלט פאר אידען, און האבען אנגעהויבען צוריק צו קעהרען אין דעם אידישען לאגער. די אידישע דאקטוירים, יוריסטען, טעכניקער און די גאנצע אידישע זאגענאנטע „אינטעליגענציע", וואס האבען פריהער אפילו מיט א אידען ניט געוואלט ריידען אידיש, האבען אנגעהויבען צו ריידען „מאמע-לשון": זיי האבען שוין אנגעהויבען צו שיקען זייערע קינדער אין די אידישע חדרים און האבען צוריק אנגענומען די אידישע מנהגים און זיטען. כאראקטעריסטיש איז דער פאקט דאס אייניגע הונדערט אידישע סטודענטען פון פעטערסבורג האבען פערלאנגט, דאס מען זאל זיי ארויסשיקען תפילין, וועלכע מען האט זיי ארויסגעשיקט פון ווילנא. אין מעהרסטע שטעדט האט מען גוזר תענית געווען און מען האט געזאגט סליחות, און יעדעס מאל, ווען מען האט אפגעהאלטען אזא גאטעסדיענסט, זיינען געקומען די אויסגעשטודירטע און די שטודירענדע אין די שולען און האבען מיט אלעמען צוגלייך פערגאסען ימים טרעהרען.

דער אידישער מיליאנער, באראן הארץ גינזבורג, האט צו זיך אין פעטערבורג פעררופען אן אסיפה פון אידישע פארשטעהער מיט דעם צוועק צו זוכען מיטלען, ווי אזוי די פאגראמען אפצוהאלטען. צו דיעזער אסיפה איז אויך געקומען דער קאוונער רב ר' יצחק אלחנן ז"ל און א דעלעגאט פון מאהילעוו. ווען מען האט ביי דער אסיפה געשילדערט די ביטערע לאגע פון די רוסישע אידען, האט דער מאהילעווער דעלעגאט בעקומען א הערצשלאג און איז ביים טיש געשטארבען.

עס איז ביי דער אסיפה בעשלאסען געווארען אונטערצוקויפען מיט שוחד דעם מיניסטער איגנאטיעוו, אז ער זאל אויפהערען צו פערפאלגען די אידען. דער מיניסטער איגנאטיעוו, וואס האט תמיד ליעב געהאט צו „פערדיענען" א רובעל „פון דער זייט", האט זיך בענוצט מיט דער געלעגנהייט ארויסצואווייזען זיין גאנצע רשעות צו די רוסישע אידען. גלייך ווי ער האט בעקומען די סומע פון באראן גינזבורג'ס האנד, האט ער זי צוגעשטעלט צו אלעקסאנדערען מיט דער ערקלערונג, אז די אידען האבען

איהם געוואָלט אונטערקויפען מיט שוחד באַראָן גינזבורג האָט זיך דורך דעם געפונען א ביטערע לאַגע. ער האָט געמוזט אוועק פון פעטערבורג און האָט זיך בעזעצט אין פאַריז. ער האָט דורך דעם פערלאָרען א העלפט פון זיין פערמעגען. ערשט אין דריי יאָהר ארום, האָט ער געקענט צוריק קומען נאָך פעטערבורג און אויפנעהמען זיינע געשעפטען.

א היבשע צאָהל פון די „כלומרשט אידען“, וואָס האָבען שוין לאַנג ארומגעטאַנצט ארום דעם מזבח פון אסימילאַציאָן, און ביי וועלכע עס האָט טיעף אין הארצען געלעבט א געפיהל פון ביטערער שנאה צו דעם גאַנצען כלל ישראל — האָבען זיך אָנגעהויבען צו טויפען מאַסענווייז מיט זייערע ווייבער און קינדער. דאָס איז ניט געווען קיין אונגליק פאַר דעם רוסישען יודענטהום; פאַרקעהרט: דער רוסישער יודענטהום איז דורך דעם אָפּגע־רייניגט געוואָרען פון א סך פסולת, וואָס האָט געקענט פערדאַרבען זיינע געזונדע קערנער. דערפאַר אָבער האָבען זעהר פיעל, וואָס האָבען זיך שוין פריהער געטויפט, אוועקגעוואָרפען די שוואַרצע פאַהן פון קריסטענטהום און האָבען זיך צוריק פערזאַמעלט אונטער דעם ליכטיגען דגל מחנה יהודה. דיעזע בעלי־תשובה האָבען זיך ביי יעדער געלעגענהייט זעהר וואַרם אָפּגע־רופען אויף דעם שווערען גורל פון די אידען, און האָבען ארויסגעוויעזען, אז די „ירדן־וואַסער“ האָט ניט געהאַט די קראַפט אויסצולעשען אין זייערע הערצער דעם אידישען גייסט. זיי זיינען דאָך פערבליעבען אידען מיט די גאַנצע טיעפקייט פון זייערע נשמות.

פראָפעסאָר חוואָלסאָן האָט דאַמאָלס געשריעבען אין פערשיעדענע רו־סישע צייטונגען זעהר פיעל ארטיקלען, מיט וועלכע ער האָט געשטורעמט געגען די פאָגראָמען. פון זיינע פייערדיגע ארטיקלען זעהט מען ארויס, ווי שטאַרק זיין אידישע הארץ האָט געשטורעמט, ווען זיינע אידישע ברידער זיינען געווען אין אן עת־צרה. דער גרויסער פּאָעט קאָנסטאַנטין שאַפּירא פון פעטערסבורג, וועלכער האָט זיך שוין מיט א לאַנגער צייט פריהער גע־טויפט, האָט געלאָזט דרוקען זיינעם א העברעאישען שיר אין ראַבינאָוויי־טשעס (שפ״ר) יאָהר־בוך, אין וועלכען ער שרייט אויס פון זיין אידישע הארץ: „אומזיסט האָט מען מיך אָפּגעטונקט אין די „ירדן־וואַסער“; מיין הארץ איז א אידישע, און וועט אזוי בלייבען ביז מיין לעצטען אָטהעם!“

ע׳ו האָט דאָס ארויסגעשריען, כאָטש ער האָט געוואוסט וואָס פאַר א סכנה דאָס איז פאַר איהם, ווען די רוסישע קירכע זאָל ערפאַהרען זיין גייסטיגע פערבינדונג מיט דעם יודענטהום. און נאָך פיעלע אנדערע געטויפטע אי־

דען זיינען דאמאלס געווארען אמת'ע בעלי־תשובה.

אין מיין געדיכט „די פיראמידען" האב איך געשילדערט יענע מערק־ווירדיגע עפאכע, ווען די אסימילירטע רוסישע אידען האבען איינגעזעהן זייער גרוסען טעות און האבען זיך צוריק אומגעקעהרט אין זייער אלטען לאגער. אין דיעזען געדיכט געפינען זיך פאלגענדע פערזען:

ווי די אידענע נעהמט פאלייען
די שבת־גאגעליך;
עס פליהט ארויס דער קלייען —
די קערנער בלייבען זיך.
עס דרייהט,
עס ווייהט,
עס ווארפט ארויף אראפ
דעם שערסט
פון גערשט
אן דער זייט פליהט ער אפ.
ווי דער איד נעהמט זיך די מארע
די שכנים נאכצוגעהן,
מוז קומען א פעריאדע,
וואס טרייסעלט און מאכט ריין
דאס ברוד
פון איד
פון מולטער ווארפט ארויס,
דער גריץ,
דער ניץ,
פאלט צוריק אין שויס.
אה, שווער מיין פאלק איז דיר די ווייל̇ע,
ליידסט און ווערסט פארשלאפט;
דערפאר דיין זריעה ווערט ניט קייל̇ע,
בלייבסט רק דויערהאפט.

* * *

און דאס וואס ווערט פארשפרונגען
פון מולטעריל אויף דער ערד,
איז דערפון געדרונגען,

אז דאס האט קיין שום ווערטה.
ווער פיין
מעג זיין
אין גרעסטעז אוננליק,
עס ברומט
און קומט
אין מולטער'ל צוריק.
אז ס'טרעפט איינס פון מיליאָנען,
א קערנדיל פאלט אראפּ,
דארפט איהר זיכער באקאָנען,
אז ווייט פליהט ער נישט אפּ.
פון נויט
פאר ברויט
האט ער דאס געטהאָן:
טהוט גוטס,
בריינגט נוץ
זיין אלטע נאציאָן.
איהר זאלט זיין נאמען ניט בערויבען,
ער איז פון אונז א גליעד;
ער מאג זיין אין אן אנדער גלויבען,
דאך בלייבט ער א איד!...

אין דעמזעלבען יאהר, אין יולי מאָנאט, 1881, איז מיר געבאָרען געווארען מיין זוהן טשאלי. צוויי וואכען נאך זיין געבורט, האט אין מינסק אויסגעבראכען א גרויסע שרפה, וואס האט חרוב געמאכט א האלבע שטאָדט. איך בין דאמאלס געוועזען אויף א חתונה אין האָמעל ביי דעם גביר לעוויאנאָוו. אויך מיין הויז אין מינסק האט זיך אָנגעצונדען, און דער מינסקער פּאָליציימייסטער האט מיט זיינע אייגענע הענד ארויסגעראטעוועט מיין פרוי מיט דעם צווייוואכעדיגען קינד פון פייער. ווען איך בין צוריק געקומען פון האָמעל, האב איך ניט געהאט וואו אריינצופאָהרען, און איך האב מיך געמוזט מיט מיין פאמיליע בעזעצען ביי מיינעם א שוואָגער, וואס האט געוואוינט פינף ווערסט הינטער מינסק. ערשט נאך סכות, ווען מינסק האט זיך שוין אביסעל אָפּגעבויט, זיינען מיר צוריק אריין אין שטאָדט.

אין מינסק האט זיך דאמאלס געגרינדעט די ערשטע חברה „חובבי־

ציון" מיט דעם צוועק צו קאָלאָניזירען פּאַלעסטינאַ. ווען די חברה האָט שוין געגוג געלד געהאַט, האָט זי אַרויסגעשיקט צוויי דעלעגאַטען צו קויפען חלקים ערד אין ארץ־ישראל. אַנקומענדיג אין פּאַלעסטינאַ, האָבען זיי געקויפט ערד און האָבען געגרינדעט די קאָלאָניע „גדרה", אין וועלכער פיער מינסקער יונגע לייט, הורוויץ, צוקערמאַן, חפץ און סלעפּיאַן, האָבען זיך שפּעטער בעזעצט.

די ערשטע פּיאָנערען צו קאָלאָניזירען פּאַלעסטינאַ, זיינען געוועזען די ד חאַרקאָווער סטודענטען, וואָס האָבען זיך גערופען „בילו" (בית יעקב לכו ונלכה). זיי האָבען אויסגעוואַנדערט נאָך פּאַלעסטינאַ, אָבער די צרות, וואָס זיי האָבען דאָרטען אויסגעליטען, איז גאָר אונמעגליך צו בעשרייבען. זיי האָבען געפונען אַ וויסטעס לאַנד, אַן אמת'ען מדבר, וואו דאָס געלע פיעבער הערשט אין אַלע צייטען פון יאָהר. דריי יאָהר נאָך אַנאַנד האָבען זיי דאָר־טען קיין פרישעס וואַסער ניט געהאַט. זיי פלעגען מוזען זאַמלען דאָס שמו־ציגע און ליימיגע וואַסער, וואָס פלעגט איבערבלייבען אין די גריבער נאָך אַ רעגען. אַלע לעבענס־מיטלען פלעגען זיי בעקומען מיט די גרעסטע שווע־ריגקייטען. זעהר אָפט פלעגען זיי בעפאַלען ווערען פון די ווילדע בעדואי־נען און אַראַבער, מיט וועלכע זיי האָבען געמוזט פיהרען בלוטיגע שלאַכ־טען. און דאָך האָט זיי קיין זאַך ניט געקענט אָפּהאַלטען אין זייער שטרע־בונג צו זייער הייליגען ציעל, און זיי האָבען געלעגט דעם ערשטען גרונד־שטיין צו דער קאָלאָניזאַציאָן פון ארץ־ישאל. אַזאַ גרויסען גייסט און אַזאַ שטאַרקע ווילענסקראַפט האָבען נאָר געקענט האָבען אַזעלכע איידעלע, אמת־ציוויליזירטע און מוטהיגע אידישע יונגע לייט ווי די מיטגליעדער פון די „בילו". זיי האָבען דורך זייער גייסט און דורך זייער מוטה אויסגעטרעטען אַ ברייטע וועג פאַר די שפּעטערדיגע קאָלאָניסטען, און זייערע נעמען וועלען אַריינגעטראָגען ווערען מיט גאָלדענע בוכשטאַבען אין דער היסטאָריע פון דער נייער אידישער קאָלאָניזאַציאָן אין פּאַלעסטינאַ. זיי האָבען געלייגט דעם ערשטען גרונדשטיין, און היינט געפינען זיך שוין דאָרטען ביז 30 אי־דישע קאָלאָניעס!

פאַר דיעזע ערשטע אידישע קאָלאָניסטען האָב איך געשריעבען מיין ליעד „די סאָכע" אין אידיש און אין לשון־קודש, וועלכע איז שפּעטער אי־בערזעצט געוואָרען אין רוסיש און אין דייטש. אין יענער צייט האָב איך נאָך פיעלע אַנדערע ציוניסטישע ליעדער פערפאַסט, ווי צום ביישפּיעל: „דער אַריסטאָקראַט", „צו אונזער פאַטערלאַנד", „יודעשקע", „הכנסת־כלה".

„מיינע געפיהלען", „דיינו" און פיעלע אנדערע, וועלכע זיינען שטארק פער־שפרייט געווארען אונטער דעם פאלק. מען האט זיי געזונגען און גע־שפיעלט כמעט אין אלע אידישע הייזער, ווייל מעהרע פון זיי האב איך גע־דרוקט מיט נאטען פאר פיאנא. דיעזע אלע ליעדער האבען זעהר פיעלביי־געטראגען צו פערברייטען דעם ציוניזמוס אונטער דעם פאלק און אויפצו־וועקען דעם אידישען נאציאנאלען גייסט.

ווי ווייט איך האב געקענט, האב איך געזוכט צו ווירקען אויף די רבנים און לומדים, מיט וועלכע איך בין געשטאנען אין א שטענדיגען פערקעהר. דאס זיי זאלען אננעהמען די ציוניסטישע אידעע, אבער דאס האט מיר ערשט דאן געקענט געלינגען, ווען די גרויסע רבנים ווי ר' יצחק אלחנן ז"ל, ר' נפתלי־הערש ז"ל, דער וואלאזשינער רב, זיין זוהן ר' חיים בערלין, דער מאסקוואער רב און פיעלע אנדערע זיינען געווארען הייסע ציוניסטען, אבער זייער ציוניזמוס האט ניט געשטימט מיט דעם ציוניזמוס פון די משכילים. די רבנים האבען געוואלט איינפיהרען „שמיטה" אין די קאלאניעס, און די קאלאניסטען האבען דאס ניט געקענט טהאן, ווייל דאס וואלט זיי זעהר פיעל געשטערט אין דער ערד־ארבייט און וואלט פערשלימערט זייער עקאנא־מישע לאגע.

אין יאהר 1882, דעם 3טען מאי, האט אלעקסאנדער דער דריטער ארויסגעגעבען דעם אוקאז, וואס האט אידען פערבאטען זיך צו בעזעצען אין די דערפער; עס האבען אין דערפער נאר געקענט בלייבען וואוינען יענע אי־דען, וועלכע האבען שוין דארטען פריהער געוואוינט. דיעזער אוקאז איז געוועזען א שארפע צוויי־זייטיגע שווערד פאר די רוסישע פאליציי און אנדערע בעאמטע, און כאטש דער אוקאז איז געוועזען גענוג דייטליך, האבען זיי אויף איהם געמאכט פערשיעדענע פשטים און ביאורים ווי זיי האבען אליין גע־וואלט. פון דיעזע פשטים און ביאורים האבען די אידען נאך מעהר געלי־טען ווי פון דעם אוקאז אליין. זעהר אפט פלעגט זיך טרעפען, אז א ישוב'־ניק פלעגט מיט זיין פאמיליע אוועקפאהרען אין שטאדט אויף די ימים נוראים, און אז ער פלעגט נאך יום־כפור צוריק קומען אין דארף, פלעגט איהם די פאליציי ניט אריינלאזען, לערנענדיג דעם פשט, אז דאס הייסט: ז י ך פ ו ן ד א ס נ י י ב ע ז ע צ ע ן א י ן א ד א ר ף. ווען א ישוב־ניק האט חתונה געמאכט א טאכטער מיט א יונגען מאן פון שטאדט, און האט דעם איידים צו זיך געוואלט נעהמען אויף קעסט, האט די פאליציי דעם איידים אין דארף ניט אריינגעלאזען. נאך ביטערער איז געווען די גזרה פאר

די אידען פון ליפלאנד. פון דארטען האט מען ארויסגעטריעבען אלע אי־דען, וואס האבען זיך דארטען בעזעצט נאך דעם אוקאז פון 3טען מאי. די ארויסגעטריבענע אידען זיינען געצוואונגען געווען זיך צו בעזעצען אין די שטעדט און שטעדטלאך פון דער „טשערטא אסיעדלאסטי“, וואו עס איז שוין אהן זיי אויך גענוג איינג געווען. די אייגענשאפט איז נאך גרעסער געווארען. דער אידישער דלות איז געוואקסען מיט יעדען טאג, די קאנקור־רענץ פאר א שטיקעל טרוקענע ברויט, איז אלץ שארפער און שארפער גע־ווארען, איינער האט גערדיקט דעם צווייטען, מען האט געזוכט ארויסצור־רייסען דעם לעצטען ביסען איינער ביים אנדערען. עס איז געקומען די צייט, ווען איין איד האט געגעסען דעם צווייטען...

## מיין אויסוואנדערן נאך אמעריקא.

איך בין אין דעם פערלויף פון דער צייט זעהר פאפולער געווארען ביים פאלק, וואס האט מיך בעטראכט אלס איהר איינציגען פאלקס־דיכטער אין רוסלאנד. יעדער איינער איז גערן געווען מיך צו הערען. און מיינע ליעדער זיינען געזונגען געווארען אין אלע אידישע קרייזען. א גרויסער טהייל פון מיינע ליעדער, וועלכע איך האב געדרוקט צוזאמען מיט נאטען פאר דער פיאנא, זיינען געשפיעלט געווארען אין אריסטאקראטישע הייזער. איינלא־דונגען אויף חתונות און שמחות, האב איך געהאט פאר הונדערטע מיילען אין דעם גאנצען אידישען תחום. וואו איך בין געקומען, פלעגען זיך פער־זאמלען גרויסע מאסען מענשען, אום צו הערען דעם פארטראג פון מיינע ליעדער.

דאס איז געווען די איינציגע אורזאכע, וואס די רוסישע פאליציי האט אנגעהויבען אויף מיר קרום צו קוקען. די רוסישע רעגיערונג האט תמיד א חשד אויף יענע פערזאנען, וואס האבען א געוויסען איינפלוס אויף דער מאסע. מען האט מיך אנגעהויבען נאכצושפיאנירען דורך זשאנדארמען און געהיים־פאליציסטען. וואו איך בין געגאנגען, אדער געפאהרען, האב איך הינטער מיר געהאט א שפיאן. ווען איך פלעג קומען אויף א וואקזאל, פלעגען זיך די זשאנדארמען איינער דעם אנדערן צוואווינקען מיט די אויגען.

איך האב איינגעזעהן, אז איך געפין מיך אין געפעהרליכער לאגע, און האב געפיהלט, אז מיין פרייהייט איז נאר א פראגע פון דער צייט, היינט־מארגען וועט מען מיך ארעסטירען. אזעלכע זאכען געהען צו זעהר לייכט אין

רוסלאנד. עס קען זיך געפינען איינער, וואס וועט מיך פאר דער רעגיערונג פער'מסר'ן, אז איך רייץ אויף די מאסע מיט מיינע ליעדער, מען וועט מיינע ליעדער אנדערש קאמענטירען, מען וועט פון זיי לערנען אנדערע פשטים, מען וועט זיי גאנץ אנדערש מבאר זיין, ווי איך האב געמיינט, און דאס וועט שוין זיין גענוג מיך צו שטעמפלען מיט דעם נאמען: „פאליטישער פערברעכער“, און וואס עס ערווארטעט אין רוסלאנד א פאליטישען פערברעכער, איז יעדען איינעם גענוג בעקאנט. פיעלע פון מיינע פריינד און בעקאנטע זיינען זעהר שטארק בעזארגט געוועזן וועגען מיר און האבען מיך תמיד געווארנט פארזיכטיג צו זיין, אבער ווי קען מען פארזיכטיג זיין אין א לאנד, וואו דער ניעדריגסטער פאליציייסקער און קלענסטער בעאמטער, איז פאר זיך אליין א מין קייזער, א מין זעלבסטהערשער, און קען טהאן מיט דעם אנדערען דאס, וואס זיין בארבארישע הארץ געלוסט? ער געהט אין גאס, בעגעגענט א מענשען, וואס געהט זיך גאנץ רוהיג, און ארעסטירט איהם. אויף דער פראגע: „פאר וואס?“ ענטפערט ער: „דיין נאז איז פערדעכטיג!“. די רוסישע אסטראגען און פעסטונגען, די פינסטערע קעלערען פון פעטראפאוולסקען קרעפאסט און פעטערסבורג און שליסעלבורג און די וויטע מדבריות פון סי־ביר און סאכאלין, זיינען פול געפאקט מיט מענשען, וואס האבען געהאט דאס אונגליק „ניט צוגעפעלען“ צו ווערען דעם אוריאדניק, אדער יענעם טשי־נאווניק. א גרויסער טהייל פון דיעזע אונגליקליכע, פוילען שוין לעבעדיגערהייד מעהר פון צוואנציג יאהר אין יענע וויטע מדבריות, און ווייסען נאך עד היום ניט, וועלכע פערברעכענס זיי זיינען בעגאנגען.

אין דער לעצטער צייט פון מיין זיין אין מינסק, האב איך זעהר פיעל קארעספאנדירט מיט די חובבי ציון פון ניו יארק. אין זייערע בריעף האבען זיי מיר מיט לעבעדיגע פארבען געשילדערט ווי גוט און זיכער די אידישע לאגע איז אין אמעריקא, און האבען מיר פערזיכערט, אז איך קען מיך דא אויף גרינדען א רוהיגע און א זיכערע היים, ווען איך זאל מיך ענטשליסען צו פערבייטען די רוסישע טורמע, וואו אויף דער פרייער מענש ווערט בע־האנדעלט ווי אן ארעסטאנט, אויף דער פרייער אמעריקא. דיעזע בריעף האבען אויף מיר א גרויסען איינדרוק געמאכט. מיין פעסט־געזעצטען פלאן אויס־צוואוואנדערן נאך ארץ־ישראל און צו ווערען א קאלאניסט אין דעם הייליגען לאנד, האב איך געמוזט אויפגעבען; צו אזא שווערע ארבייט, בין איך שוין צו אלט געוועזן. פאלעסטינא דארף האבען אונזערע יונגע קרעפטען; די, וואס פאהרען נאר אהין צו שטארבען און מקובר צו ווערען ניט וויט פון די אבות,

טהוען איהר קיין טובה ניט. זייערע קברים קענען גאר ניט העלפען צו דער „תחית־האומה“. איך האב ניט לאנג געטראכט, האב גענומען א גובערנא־טארסקען פאספארט, און איבערלאזענדיג מיין פאמיליע אין מינסק, בין איך אוועקגעפאהרען נאך אמעריקא.

א גרויסע צאהל מיטגליעדער פון די ניו יארקער חובבי־ציון זיינען צו מיר געקומען אין „קעסל־גארדען“ און האבען מיך מקבל פנים געווען מיט גרויס כבוד. איך האב דא געפונען א גרויסע צאהל לאנדסלייט, פריינד און בעקאנטע, וואס האבען זיך זעהר געפרעהט מיט מיין קומען. פאר דער ערשטער צייט האב איך גענומען קווארטיר ביי מיינעם א פריינד, דוד דא־ווידאווסקי פון מינסק, א איד א למדן און א משכיל. און צוויי וואכען נאך מיין קומען, האב איך געגעבען מיין ערשטען קאנצערט אין אמעריקא, אין טורן־האלל, אין דער 4טער סטריט, און האב געהאט א גרויסען ערפאלג. אין ניין מאנאט ארום, האב איך צו מיר אראפגעבראכט מיין פאמיליע פון מינסק.

פאהרענדיג מיט'ן שיף נאך אמעריקא, האב איך פערפאסט מיין ליעד „קאלומבוס און וואשינגטאן“, דא אין ניו יארק האב איך שפעטער געשריעבען די ליעדער: „דער פעדלער“, „וואס גלייכט אמעריקא“, „די דריי טויבען“, „דער לעצטער טאוועל“, „דער וועלט־זייגער“, „לשנת תר"ן“, „דער גרינער“, „א בריעף צו דער מוטער“, „די גאלדענע לאנד“, „פארזעהן־פארשפיעלט“, „די דריי סטיישאנס“, „עבדים היינו“, „די דזשואיש עלייאנס“ און פיעלע אנ־דערע. אין סך הכל זיינען געדרוקט געווארען צוזאמען מיט נאטען ביז 53 קאלעקשאנס פון מיינע ליעדער. א גרויסע טהייל פון מיינע ליעדער זיינען „צייט־ליעדער“, וואס האבען געהאט אן אינטערעסע צו א געוויסער צייט און זיינען שפעטער פערגעסען געווארען.

אין יאהר 1890, אונגעפעהר זעקס חדשים נאך מיין אנקומען אין אמע־ריקא, האט מיך א מענעדזשער ארומגעפיהרט איבער אייניגע גרויסע אמע־ריקאנישע שטעדט, אום צו געבען מיינע קאנצערטען. אין קליוולענד (אהייא סטייט) האט מיט מיר פאסירט א זעלטענער פאקט, וועלכען איך קען קיינ־מאל ניט פערגעסען:

איך בין אויפגעטרעטען אויף דער ביהנע אין קליוולענד און האב פאר־געטראגען אייניגע פון מיינע ליעדער, ווי צום ביישפיעל: „די פיראמידען“, „צו די שטערן“, „דער ניינצעהנטער יאהרהונדערט“ און אנדערע, און האב באלד בעמערקט א גרויסע אונצופריעדענהייט פון דעם פובליקום. די אורזא־

כע דערפון איז געווען די, דאס איינער האט דארטען פערשפרייט א קלאנג, אז דער אמת'ער אליקום צונזער איז שוין לאנג געשטארבען, און איך בין געקומען בלאפען דעם עולם מיט אליקום צונזער'ס נאמען. נאך דעם טרויע־ריגען קאנצערט, ווען איך בין מיט דעם מענערדזשער ארויסגעגאנגען פון טהע־אטער אויף דער סטריט, האב איך דארטען געפונען א גרויסען קראוד מענ־שען, וואס האבען זיך פערזאמעלט מיט דער „איידעלער" אבזיכט מ י ך צ ו ל י נ ט ש ע ן. דער קראוד האט געוואקסען פון מינוט צו מינוט, און מיין לאגע איז געווארען א געפעהרליכע. איך האב מיך אונבעמערקט ארויס־גע'גנב'עט פון דער מאסע און בין אוועק אויף מיין קווארטיר, אבער באלד איז געקומען דער קראוד און האט אנגעהויבען צו רייסען די טהירען מיט די לאדענס. מיין רעטערין איז דאמאלס געווען די פרוי פון ר' אברהם קאט־לער. זי האט מיך פערזענליך געקענט פון מינסק. פאר טאג האט זי מיך ארויסגעפיהרט פון הויז און האט מיך געבראכט צום דיפא. פון דארטען בין איך אוועקגעפאהרען נאך ראטשעסטער.

איך האב שוין כמעט אויסגעפיהרט מיין וועלט, כמעט אפגעלעבט מיין לעבען, מיין לעבענס־געשיכטע איז ווי די לעבענס־געשיכטע פון דעם גאנצען כלל־ישראל: ווייניג נחת און א סך צרות!...

אבער ווען איך גיב א קוק אויף מיינע אידישע ברידער דא אין אמע־ריקא, ווען איך זעה צו וועלכע ריזען עס זיינען אויסגעוואקסען יענע רוסישע שקלאפען: ווען איך זעה ווי מיינע ברידער וואקסען, געדייהען און גיבען גוטע פרוכט אונטער דער ליכטיגער זון פון דער פרייער אמעריקא, און ווען איך זעה ווי זיי פראגרעסירען און געהען אלץ ווייטער אויף די וועגען פון אמת'ער ציוויליזאציאן, בילדונג, קונסט און אינדוסטריע — פילען זיך אן מיינע אויגען מיט פריידען־טרעהרען און צוזאמען מיט אונזער גרויסען נביא, רוף איך אויס:

„ברגע קטן עזבתיך וברחמים גדולים אקבצך:

בשצף קצף הסתרתי פני רגע ממך ובחסד עולם רחמתיך: אמר גאלך: ה'.

## שלום-וואָרט.

אום צו כאַראַקטעריזירען די אומנאַטירליכע לאַגע פון אונזערע אידישע ברידער אין דעם פינסטערען רוסלאַנד, מוז איך דאַ דערצעהלען פאָלגענדען פאַקט:

אַלעקסאַנדער דער דריטער איז געוואָרען רוסישער קייזער דעם 2טען מערץ 1881, אבער זיין קרוינונג איז ערשט געווען אין יולי 1883. אויף דעם פערלאַנג פון דער רעגיערונג, מוזען די פאָרשטעהער פון די פערשיעדענע געמיינדעס צושיקען צום קייזער אין דעם טאָג פון זיין קרוינונג אַן אדרעס אין וועלכען זיי מוזען אויסדריקען זייער ליעבע צום פאַטערלאַנד און זייער טרייהייט צום רוסישען טהראָן. עס איז זעלבסט־פערשטענדליך, אַז קיין געמיינדע וועט ניט וואגען עובר צו זיין אויף אַ שטרייננגען בעפעהל פון דער רוסישער רעגיערונג, בפרט נאָך ביי אַזאַ „וויכטיגע" געלעגענהייט ווי אַ קרוינונג. ווען אַ געמיינדע וואָלט דאָס געוואַגט צו טהאָן, וואָלט די רעגיערונג איהרע מיטגליעדער בעטראַכט אַלס מורדים במלכות, און וואָס רוסלאַנד טהוט מיט אַזעלכע „פערברעכער", איז שוין גענוג בעקאַנט. די פאָרשטעהער פון דער ווילנער דומע זיינען פון דריי פערשיעדענע נאַציאָנען: רוסישע, פוילישע און אידישע. ווען מען האָט אויסגעשריעבען דעם אדרעס צום קייזער, האָבען די רוסישע און די פוילישע פאָרשטעהער געמאַכט יד־אחת נעגען די אידישע פאָרשטעהער און האָבען זיי בשום אופן ניט געלאָזט אונטערשרייבען זייערע נעמען אויף דעם אדרעס. דער אדרעס איז אוועקגעשיקט געוואָרען אָהן די אונטערשריפטען פון די אידישע פאָרשטעהער.

אויף די ווילנער בעלי־בתים איז אָנגעפאַלען אַ גרויסער שרעק. יעדער איינער האָט געפיהלט וואָס עס קען קומען, ווען די רעגיערונג וועט זיך אַרומזעהן, דאָס די אידישע געמיינדע האָט ניט צוגעשיקט קיין אדרעס צו דעם קייזערס קרוינונג. מען וועט זיי בעטראַכטען פאַר עפענטליכע רעוואָלוציאָנערען און אַלס רעוואָלוציאָנערען וועט מען זיי בעשטראַפען. מען האָט צוזאַמענגערופען אַ גרויסע אסיפה, אום זיך צו בעראַטהען, וואָס צו טהאָן. מיינער אַ קאַזין, אַ געוויסער קאַהאַן, אַ לעהרער, וואָס איז פריהער געווען אַ דעלעגאַט פון אידען ביי אַ קאָנפערענץ ביי דעם ווילנער גענעראַל־גובערנאַטאָר, האָט ביי דער אסיפה פאָרגעשלאָגען, דאָס מען זאָל אויפשרייבען אַ בעזונדערען אדרעס ספּעציעל פון אידען אַליין און מען זאָל איהם אוועקשי־

קען אין מאסקווע צו דער קרוינונג. זיין פארשלאג איז איינשטימיג אנגע־נומען געווארען. מיין קאזין קאהאן האט זיך אוועקגעזעצט און האט אויפגע־שריעבען דעם אדרעס. ווען ער איז פארטיג געווארען מיט דעם שרייבען, האט ער איהם פארגעלעזען פאר די דעפוטאטען און בעלי־בתים. דער אנ־פאנג איז געווען מיט די ווערטער:

„ווער קען דאס אויסרעכענען די טובות און די חסידים פון דיין קייזערליכער מאיעסטעט, וואס דו האסט געטהאן מיט אונז אידען, זינט דו ביזט ארויף אויף דעם טהראן“ א. ז. וו.

מיין בלוט האט זיך מיר אנגעצונדען, ווען איך האב דערהער׳ט די ווער־טער „טובות“ און „חסדים“. ווי קען דאס א פאלק פערלייקענען איהרע גע־פיהלען אין צייט, ווען די ערד איז נאך פייכט פון איהר בלוט, וואס זיינען ערשט ניט לאנג פערגאסען געווארען אין די שרעקליכע פאגראמען? ווי קען מען דאס ריידען פון טובות און חסדים, ווען מען האט כמעט יעדען טאג אויסצושטעהן פון נייע גזירות, פון נייע פערפאלגונגען און פון נייע אונ־טערדריקונגען? א געפיהל פון ביטערען עקעל האט אנגעפיהלט מיין הארץ ביי דעם געדאנק פון אזא ביטערען גלות, דאס מען איז געצוואונגען זיך צו חנפ׳ען צו א קייזער, וואס האט מיט זיינע רציחות און שפיכות־דמים אוועק־געשטעלט אין שאטען אלע פרעה׳ס, אלע המן׳ס און אלע טארקוועמאדע׳ס. איך האב מיך ניט געקענט איינהאלטען און האב אויסגעבראכען אין א גרויס געוויין. איינער פון די דעפוטאטען האט מיך געפרעגט, וואס איז די אור־זאכע פון מיינע טרעהרען, און איך האב איהם געענטפערט מיט פאלגענדען משל:

„דא אין ווילנא האט געלעבט אן אלטע אידענע, אן אלמנה, וואס פלעגט ארומגעהען מיט א קאשיק געקאכטע באב און פלעגט עס פערקויפען צו די קליינע קינדער. זי פלעגט פון דעם דאזיגען „מסחור“ פערדיענען ביז צוויי גילדען א טאג, און דאס איז זעהר ניט נאר גענוג געווען זיך מפרנס צו זיין, זי האט נאך געקענט אפשפארען אן איבריגען גראשען אויף א צייט פון א נויטה. זי האט געהאט א זוהן א שוסטער, וואס איז געווען א שוואכער, א קראנקער, און דערצו נאך א בעל־מטופל מיט זעקס קינדער. כמעט יעדען טאג פלעגט זי קומען צו איהר זוהן מיט טענות ותביעות, דאס על פין דין איז ער זי מחויב מפרנס צו זיין, ווייל זי איז אלט און שוואך און קען שוין ניט הארעווען. נאטירליך האט ער איהר ניט געקענט העלפען, ווייל דער „מלך־אביון“ איז געווען א גאנצער שררה אין זיין הויז און ער האט קוים גע־

נעהאט געגוג ברויט פאר זיין פאמיליע. די אלטע איז אין כעס געווארען, איז געגאנגען צום פריסטאוו און האט איהם דערצעהלט, אז זי האט דא אין ווילנא א זוהן, וואס וויל פון איהר ניט וויסען און לאזט זי אויסגעהען פון הונגער. דער פריסטאוו, וואס איז געווען א גרויסער בעלן אפצושמייסען א אידען, האט איהר מיטגעגעבען צוויי דעסיאטניקעס מיט דעם בעפעהל צו ברייגגען איהר זוהן אין דער פאליציי און איהם אזוי לאנג שמייסען, ביז ער וועט צוזאגען צו זארגען פאר זיין אלטע מוטער".

„געהענדיג מיט די דעסיאטניקעס, האט זיך אין איהר ברוסט אנגע־הויבען צו ריהרען א געפיהל פון רחמנות. סטייטש? אן אייגען קינד! מען וועט איהם דאך נעביך שמייסען!

ווי דרעהט מען זיך דא ארויס? באלד אבער איז זי געפאלען אויף א „קלוגע" המצאה: זי האט די דעסיאטניקעס אנגעוויזען אויף דעם ערשטען בעסטען מאן, וואס איז איהר געקומען אין וועג, און האט זיי געזאגט, אז דאס איז איהר זוהן".

„די דעסיאטניקעס האבען איהם אנגענומען פאר'ן קאלנער, האבען איהם געבראכט אין דער פאליציי און האבען איהם פארגעשטעלט פאר דעם „אל־מעכטיגען" פריסטאוו.

— „איז דאס דיין מוטער?" — האט איהם דער פריסטאוו נעפרעגט ווייזענדיג אויף די אלטע —

— „ניין, הערר פריסטאוו!" — האט דער יונגער מאן געענטפערט—

— פינף־און־צוואנציג שמיץ!" — האט דער פריסטאוו קאמאנדע־וועט —

מען האט דעם יונגען מאן אויסגעצויגען אויף דער ערד און די דעסיאט־ניקעס האבען איהם אנגעהויבען אפצוצעהלען אחת ואחת. ווען עס האט שוין געהאלטען ביי פופצעהן, האט איהם דער פריסטאוו וויעדער געפרעגט:

— „איז דאס דיין מוטער?"

— „ניין, הערר פריסטאוו!" — האט דער יונגער מאן וויעדער געענט־פערט —

— „האקט ווייטער!" — האט דער פריסטאוו אויסגערופען —

„צופעליגערווייזע זיינען א פאר פרעמדע אידען דערביי געווען, און איי־נער פון זיי האט צום יונגען מאן געזאגט:

— „דו ביזט דאך א גרויסער שוטה! זאג בעסער, אז דאס איז דיין מוטער; ווען ניט וועט מען דיך פארשמייסען צום טויט!" —

דער יונגער מאן האט ענדליך איינגעזעהן, אז ער האט קיין אנדער ברירה ניט, און האט אויסגעשריען:

— „יא, העררר פריסטאוו! די אלטע איז מיין מוטער!“ —

— „אויב אזוי“ — האט דער פריסטאוו געענטפערט — „מוזט דו אונ־טערשרייבען א פאפיער, אז דו וועסט דיין מוטער געבען פיער גילדען א וואך צום לעבען!“ —

דער יונגער מאן האט אונטערגעשריעבען אזא פאפיער, און מען האט איהם פריי געלאזען.

אזי דערזעלביגער לאנגע ווי יענער אונשולדיגער יונגער מאן זיינען מיר אידען דא ביי אונז אין רוסלאנד. פאגראמען מאכט מען אויף אונז. שמיץ קריגען מיר, פאדאטקעס מוזען מיר צאהלען און מיר מוזען נאך שרייען: „דאס איז אונזער מוטער!“

מיין משל מיט דעם נמשל האט געמאכט א גרויסען איינדרוק. דער עולם האט זיך צואוויינט מיט ביטערע טרעהרען. ר׳ שמעון שטראשונער דער גבאי פון ווילנער שול און דער גבאי פון „צדקה־גדולה“, האט אזוי לאנג געוויינט, ביז ער האט גע׳חלש׳ט און מען האט איהם מיט שווערע מיה קוים דערמינטערט. עס איז אבער קיין אנדער ברירה ניט געוועזן. מען האט דעם נוסח פון דעם אדרעס ניט געקענט ענדערען און מען האט איהם אוועקגע־שיקט ווי ער איז געוועזן.

איך האב געוואוסט אין וואס פאר א סכנה איך שטעל מיך מיט אזעלכע משלים און מיט אזעלכע פרייע רייד אויף דער רעגיערונג; איך האב גע־וואוסט, אז ווען מען זאל זיך דערוויסען דארט, אין די „הויכע פענסטער“, וועלכע געפיהלען און געדאנקען איך וואג אפען ארויסצורייזען, וועט מען מיך געווים ניט שוינען, אבער איך האב מיך בשום אופן ניט געקענט איינ־האלטען. טאג־טעגליך איז מיין הארץ איבערגעלאפען מיט בלוט, ווען איך האב געזעהן, ווי מיינע אונגליקליכע אידישע ברידער ליעגען אויף דער ערד ווי די אונשולדיגע לעמער אונטער די חלפים פון די שוחטים, און מיט אלע מיינע חושים האב איך עפענטליך פראטעסטירט געגען די רציחות פון דער רעגיערונג צו א גאנצעס פאלק. די גאנצע צייט ביז איך געוועזן אין א שטענדיגער אויפרעגונג, אין א שטענדיגען שרעק; יעדע מינוט האב איך ער־ווארטעט, דאס מען קומט מיך ארעסטירען. אין אזא צושטאנד האב איך גע־לעבט ביז דעם יאהר 1889, ווען איך האב פערלאזען רוסלאנד.

פיעל פון מיינע לעזער און פריינד זייענן געווים נייגיעריג צו וויסען

דעם שיקזאל פון מיין ברודער עקיבא, וועלכען מען האט אפגעגעבען צו די קאנטאניסטען, ווען ער איז אלט געווען 9 יאהר; איך וויל זייער נייגיערדע בעפריעדיגען ווי ווייט עס איז מיר נור מעגליך.

מען האט מיין אונגליקליכען ברודער עקיבא אװעקגעשיקט פון ווילנא מיט א גאנצע פארטיע פון אנדערע קאנטאניסטען, נאטירליך, צופוס ביז יעניסיי אין סיביר. ביז זיי זיינען אהין אנגעקומען, האט עס געדויערט גאנצע אכט וואכען. אנקומענדיג אין יעניסייסקי גובערניע, האט מען מיין ברודער אוועקגעגעבען אין א דארף צו א סיביריאק, וואס האט געהאט א גרויסע געזינד. כל־זמן ער איז נאך געווען א קינד, האט איהם דער סיביריאק בענוצט צו פיטערן זיינע חזרים און צו טהאן פערשיעדענע ארבייט אין הויז. ווען ער איז אביסעל גרעסער געווארען, פלעגט ער איהם מיטנעהמען אין וואלד, ער זאל איהם העלפען האלץ האקען. ער האט איהם געגעבען א פעל זיך צו בעשיצען פון די פערציג־גראדיגע סיבירישע פרעסט. אכט יאהר נאכאנאנד האט ער איהם געלאזט ארבייטען כל עבודת פרך. ווען ער איז שוין אלט געווארען 17 יאהר, האט מען איהם ערקלעהרט פאר פול־יעהריג, און מען האט איהם אריינגענומען אין א קאזארמע אין טאבאלסק, אום איהם די סאלדאטסקע סלוזשבע צו לערנען. אין א געוויסער נאכט, ווען ער האט אין קאזארמע געשלאפען מיט נאך אנדערע 50 רעקרוטען, איז געקומען א רוסישער גלח און האט איהם שלאפענדיגערהייד בעשפריצט מיט די „הייליגע" וואסער. ווען ער איז אויף מארגען אין דער פריה אויפגעשטאנען פון שלאף, האט מען איהם ערקלערט, דאס ער איז שוין א קריסט. מיין אונגליקליכער ברודער האט פון דעם ניט געוואלט וויסען, און האט זיך פעסט געהאלטען ביי דעם גלויבען פון זיינע עלטערן. מען האט איהם געפלאגט און געמאטערט מיט אלערליי ביטערע ענויים און יסורים, אבער ער האט דאס אלעס געדולדיג איבערגעטראגען און איז געבליעבען ביי דער אידישער אמונה. איך האב איהם צוגעשיקט א פאר תפילין און ער פלעגט זיי אנטהאן צום דאוונען אין דער קאזארמע גאנץ אפען פאר אלעמען אין די אויגען. צום סוף איז זיינע פייניגער נמאס געווארען איהם אייביג צו שלאגען, און זיי האבען איהם געלאזט טהאן, וואס ער וויל. עטליכע מאל האט איהם דער פאלקאווניק געפונען ביים דאוונען אין תפילין, אבער ער האט זיך געמאכט ניט זעהענדיג און האט איהם קייןווארט ניט געזאגט.

נאך דעם קרימער קריעג, ווען אלעקסאנדער דער צווייטער איז געווארען קייזער פון רוסלאנד, האט ער ארויסגעגעבען א אוקאז, אז די סאלדא־

טעז. וואס האבען געדיענט 15 יאהר פאר ניקאלאי דעם ערשטען, זיינען פריי פון דיענסט, און נאך דעם אוקאז איז מיין ברודער פריי געווארען אין דעם יאהר 1877. אין פאלק, אין וועלכען ער האט פריהער געדיענט, איז ער געווען א מוזיקער, און אלס ער איז פריי געווארען, האט ער צוזאמענגע־שטעלט א קאמפאניע מוזיקאנטען און האט געגעבען קאנצערטען אין די גערטנער און אויך געשפיעלט אויף בעלער. איך האב איהם ארויסגעשיקט געלד אויף הוצאות און האב איהם אראפגעבראכט צו מיר אין מינסק.

ווי גרויס מיין ליעבע איז געווען צו איהם, האב איך דאך מיט איהם ניט געקענט שטימען. ער איז געווען א פערטריקענטער צווייג פון דעם אי־דישען בוים. ער איז געווען א סיביריאק מיט לייב און לעבען. אלע אונ־זערע פיהרונגען זיינען איהם פרעמד געווען און האבען איהם שטארק בע־לעסטיגט. איך האב לאנג ניט געקענט מיט איהם לעבען צוזאמען. איך האב איהם געגעבען גענוג געלד, און ער איז אוועק צוריק אין סיביר.

פון זיינע בריעף האב איך ערפאהרען, אז ער האט חתונה געהאט מיט א אידישע מיידעל, און עס זיינען איהם געבארען געווארען פיער קינדער. ווען ער פלעגט דארפען מאכען א ברית מילה, פלעגט ער מוזען פאהרען 60 וויארסט צוזאמען מיט דער קינפעטאריין און מיט דעם קינד צו א מוהל. ער איז געווען א פרומער איד, כאטש ער האט א ווארט עברי ניט געקענט.

אין יאהר 1884 איז ביי איהם א קינד פערברענט געווארען, און ביי דער בעערדיגונג אויף א אידישען בית־עולם, האט מען זיך ערשט דערוואוסט, אז ער האט א אידישע פרוי מיט אידישע קינדער און היט אידישקייט. פאר אזא „פערברעכען" בעשטראפט מען אין רוסלאנד מיט 18 יאהר קאטארגא. זיין טענה, דאס דער גלח האט איהם געטויפט אין שלאף, האט ניט גע־האלפען. מען האט איהם געשמידט אין קייטען און מען האט איהם אוועק־געשיקט אין טאבאלסק אין טורמע. זיין פרוי האט מיר געשריעבען, דאס זיין פראצעס וועט פארקומען אין „אקרוזשנאי סוד" אין טאבאלסק, אבער מעהר האב איך פון זיי קיין ידיעות ניט בעקומען, און ביז היינטיגען טאג ווייס איך ניט, וואס פאר א סוף עס איז פון איהם געווארען.

# אליקום צונזער'ס לעצטע יאָהרען.

## (צוגעגעבענער קאַפּיטעל פון זיין זוהן, טשאַרלז צונזער)

איך וויל דאָ צוגעבען אַ קאַפּיטעל — אַ לעצטען קאַפּיטעל — צו מיין פאָטער'ס לעבענס־בעשרייבונג, און אין עטליכע ווערטער שילדערן זיינע לעצטע טעג אויף דער וועלט. איך וויל דערביי בעמערקען אַז די פאָרגעהענדע אויטאָביאָגראַפיע האָט מיין פאָטער געשריבען אַלס איין אנדענקונג פאַר די קינדער, ניט דענקענדיג דאַביי אַז עס וועט ווען זיין געדרוקט. דאָס איז געווען אין 1904. צו יענער צייט האָט מאָררים ראָזענפעלד אנגעפאַנגען אַ בעוועגונג אין די צייטונגען צו פאַראַנשטאַלטען אַ יובילעום פאַר'ן פאָטער. שפּעטער, ווען אַ קאָמיטעע איז געגרינדעט געוואָרען פאַר דעם צוועק, האָט יעקב סאַפּירשטיין, דער דאַמאַלסדיגער ארויסגעבער פון „מאָרגען זשורנאַל“ געווירקט אויפ'ן פאָטער ער זאָל לאָזען דרוקען די ביאָגראַפיע אין טעגליכע פאָרזעצונגען, אין בוך פאָרמאַט. (מיט אַן איבערזעצונג אין ענגליש.) איז עס אויך ערשינען דעם זעלבען יאָהר.

ראָזענפעלד'ס ארטיקעל, וועלכער איז געווען געדרוקט אין „מאָרגען זשורנאַל“, האָט געהאַט אַ וואַרימען אַבקלאַנג אין די איבריגע צייטונגען. יאָהאַן פּאַליי, דאַן רעדאַקטאָר אין „טאָגעבלאַט“, האָט געדרוקט אַ סעריע ארטיקלען. „די אידישע וועלט“ האָט אַלע טאָג איבערגעדרוקט די ״ פאָטער'ס אַ ליעד, דער „פאָרווערטס“ און „וואָרהייט“ האָבען פיעל געשריבען. אַ קאָמיטעע איז געגרינדעט געוואָרען אין ניו יאָרק, פון וועלכע דר. דוד בלוישטיין איז געווען דער פּרעזיצענדער, מיט דער אַבזיכט צו אראַנזשירען אַ יובילעאום. קאָמיטעען האָבען זיך אויך געגרינדעט אין אנדערע שטעט אויף דער פּראָווינץ.

נאך פיעלע הכנות איז דער יובילעאום פעראנשטאלט געווארען אין קו־פער יוניאן דעם 30טען מערץ, 1905. דער זאל איז געווען געפאקט און דער אווענד איז געווען א זעלטען ווארימער מיט א געהויבענער שטימונג.

עס רעדען גאלדפאדען, מאסליאנסקי, מען לעזט א בריעף פון נחום מאיר שייקעוויטש — ש'מ'ר, וועלכער שרייבט פון א קראנקען־בעט: קוים דעם ווערט אבגעזעהט ווי א גרויסע אייל־בילד פון פאטער, געמאהלט פון דעם אידישען מאהלער טרעבאיץ: אברהם לעסין, אין נאמען פון דאמאלס־דיגען „אידישען ליטעראטור פעראיין לעזט פאר א צושריפט, נאכדעם אלע־מען איז דער גרייז־גראער יובילאר פארגעשטעלט געווארען. די אמת־אידישע, הארציגע אויפנאהמע האט איהם פשוט בעגייסטערט, אין זיינע אינגערע יאהרען האט איהם קיין כבוד ניט געפעהלט. זיינע קאנצערט־טורען איבער רוסלאנד זענען געווען אמת'ע טריומף־צוגען, אין דינאבורג, אין קאוונע, לאדזש, אין מאהילעוו און ריגא: ווי אומעטום איז ער מיט ענטו־זיאזם און גרויס כבוד אויפגענומען. אויך דא ביי זיין ערשטען אנקומען אין 1889, ווען קעסטעל־גארדען איז געווען געפאקט מיט מענשען וועלכע זענען געקומען איהם אפגעבען א קבלת־פנים, נור די לעצטע צייט—פאר'ן יובילעאום,—האט ער זיך געפיהלט ווי איינער, וואס וויים אז ער האט שוין אפגעלעבט זיין צייט, אז אינגערע און שטארקערע מענשען האבען איבער־גענומען זיין לאסט. א בעשיידענער איז ער תמיד געווען — אהן פרעטענזיעס — ער האט זיך געפיהלט ווי פערגעסען — אזוי פיעל יאהר אין זיין קליינע דרוקעריי — און יעצט! אזא'ן עולם! אזא אויפנאהמע! מיר האבען אלע איהם געקוקט אין זיינע אויגען — עפעס עהנליכעס צו זיין אלטען בעצווי־בערענדען פייער האט זיך אין זיי אנגעצונדען. ער רעדט ארויס דעם ערש־טען ווארט — און עס פאלט א טויט־שטילקייט אין זאל... עס האט גע־שיינט אז זיין אמאליגע קראפט איבער זיינע צושויער האט זיך אומגעקעהרט — און דער וואס האט דעם פאטער פערזענליך ניט געהערט פארטראגען און האט זיינע ליעדער נאר פון אז אנדערן אדער פון קאלטען שריפט געלערנט, קען ניט האבען קיין שום בעגריף פון זיין פערזענליכען מאגנעטיזם, פון דעם פייער וואס ער פלעגט אריינגעבען אין זיין פארטראג. מיט דעם אמת־אידישען ניגון פון זיין שיבת ציון האט ער דאן אימפראוויזירט און געזונ־גען פאלגענדען פערז:

„ווי גרויס איז מיין ערשטוינונג
איך זעה איצט מיין בעלוינונג

א גאַנצע פאָלק קומט דאַנקען איינעם פאַר זיין מיה:
איך זעה אַז איהר פערגעסט ניט
די דאַנקבאַרקייט פערלעשט ניט
איהר צאָהלט מיר אָב פון אווענד, פאַר מיין מיה פון דער פריה:
פון מיינע פריהלינגס יאָהרען
ביז איך בין אַלט געוואָרען
געאַרבייט פאַר דער אַלטער וועלט, פיעל לאַסטען איך פערטראָג.
געאַרבייט פאַר זיי מונטער
ביז די זון געהט אונטער
דער נייער דור פון דעם זייט ים, בעלוינט מיר פאַר מיין טאָג!..."

ער האָט דאָן געזונגען זיין ליעד „מיינע געפיהלען", אַן אָרקעסטער האָט געשפּיעלט זיינע אַלטע נגונים און אַזוי האָט זיך דער אווענד פערצויגען ביז שפּעט אין דער נאַכט.

עס זענען איהם דאָן אַנגעקומען פיעל איינלאַדונגען אויף קאָנצערטען, ער האָט זיי אָבער אַלע ענטזאַגט, און איז געבליבען אין זיין דרוקעריי, וואו ער האָט שטענדיג פלייסיג און האַרעפּאַסנע געאַרבייט. זיין אייביגער וואונש איז געווען צו מאַכען אַליין אַ לעבען מיט זיינע אייגענע הענט און ער פלעגט ניט וועלען נעהמען אפילו פון זיינע קינדער, אפילו אין די לעצטע טעג פון זיין לעבען, ווען ער שוין געווען אַ זקן און כמעט בלינד.

סוף 1911, האָט ער אָנגעהויבען ליידען פון די אויגען. ער איז בע־האַנדעלט געוואָרען פון דאָקטוירים, ער האָט אָבער באַלד איינגעזעהן אַז ער וועט ערגער, זייענדיג זעהר פּעראינטערעסירט אין די וועלט פּאַסירונגען און אַ לעזער פון צייטונגען, איז זיין קראַנקהייט געווען אַ שווערע לאַסט פאַר איהם. ער האָט געפיהלט אַז זיין ענדע קומט — ער האָט זיך קיינמאָל פאַר'ן טויט ניט געשראָקען — אפילו אין די סאַמע לעצטע טעג פון זיין לעבען — ער האָט אָבער ניט געוואָלט זיין בלינד.

אַ קליינע געשעהענים, וועלכע ער האָט בייגעוואוינט, האָט אויף איהם געמאַכט אַ שרעקליכען איינדרוק און איז געווען די אינדירעקטע אורזאַכע פון זיין טויט.

איך וועל עס דאָ איבערגעבען אין קורצען:

איינמאָל, סוף זומער, 1913, איז דאָס געווען, זיצענדיג אין „פּאַרק" אַנקעגען זיין הויז, האָט ער בעמערקט אַז אַלטע אידען בלינדע געהענדיג,

ער האט אימיצעז גערופעז, קענטיג דעם וואס פלעגט איהם פיהרעז. נאר קיי־נער האט זיך ניט אבגערופעז. געהענדיג און טאפענדיג מיט׳ן שטעקעז איז דער אלטער נעביך געפאלעז און זיך שטארק צושעדיגט... א שווערעז איינ־דרוק האט דאס געמאכט אויפ׳ן פאטער... ער איז גלייך ארויף אהיים. „פייגעלע“ האט ער געזאגט צו מיין מוטער — (פייגעלע האט ער זי שטענ־דיג גערופעז, זיין געטרייע בעגלייטערין) „פייגעלע — מאך מיר די בעט פון וועלכע איך וועל שוין מעהר ניט אויפשטעהן“... ער האט איהר אבגעגעבעז זיין שטעקעז, זיינע שליסעלאך און מעסערעל און האט זיך געלייגט אין בעט. קיין דאקטאר האט ער ניט געלאזט רופעז... ער פלעגט נאר צו זיך זאגעז „וועז וועט שוין קומעז די לונגעז ענטצינדונג?...“ און עס איז געקו־מעז... דאקטוירים פלעגעז געהן... ער האט אונז ניט געוואלט אנטהאן קיין הארצווייטאג און האט זיי געלאזט איהם עקזאמינירעז... אבער מעדי־צין אדער וועלכע עס איז נאהרונג — איז מויל ניט געוואלט נעהמעז... זיין וויץ, זיין הומאר האט איהם אויך דאן ניט פארלאזעז...“ פאמעלאך, דאק־טאר“—זאגט ער, ווען יענער טאפט איהם די דארע ביינער „איהר וועט זיך חלילה נאך פערשטעכעז די פינגער“ אדער... „א קרענק וועלעז די ווערים האבעז ביי מיר וואס צו עסעז“... ער ליגט און ער לעבט איבער, האלב אין חלום, האלב אין וואך, זיין גאנצעז לעבעז... אט זעהט ער, ווי יונגערהייט געהט ער פון א חתונה, חברה כליזמרים ווארטעז אויף איהם אין דער פינסטער, שלאגעז איהם און נעהמעז צו זיין פדיון... דא זעהט ער ווי ער ליגט אויפ׳ן אויוועז ביים ישוב׳ניק — א לאמטערנע שיינט איהם אריין אין פנים און וועקט איהם אויף: — „קום אינגעלע... די איזבארשציקעס דארפעז א נפש... דא זעהט ער מיט מורא א שרעקליכע איבערלעבעניש... ער איז שוין אין אמעריקא — אקארשט אנגעקומעז. א רייהע קאנצערטעז איז פאר איהם אראנזשירט — ער געפינט זיך אין פיטסבורג עפעס א רב — א פינסטערער פאנאטיקער — לייגט איהם אריין אין חרם... אויך אלע וועלכע וועלע, איהם געהן הערעז... דא איז ער אין קליוולאנד, ער זינגט... ער בעמערקט אז אומרוה צווישעז עולם. עס דערהערט זיך א שטים... ס׳איז ניט דער אמת׳ער אליקום... ס׳קומעז צו נאך קולות... עס ווערט א געשריי... לאמיר איהם לינטשעז... א ווילנער פרוי דערקענט איהם... זי שרייט צום עולם... מעז הערט איהר ניט... זי גנב׳עט איהם ארויס פון א הינטער טהיר... צום באהן.... פאסירונגעז, איבערלעבונגעז פון זיין פערשיעדענפארביגעז לעבעז פלאנטערן זיך אין די געדאנקעז.

שורות פון ליעדער. — פון זיינע אַלטע, גאַר אַלטע ליעדער זינגען זיך איהם אין מוח... דער אייזענבאהן... די אַטלעס... דער פראַם, וועלכע דאָס פאָלק זינגט ניט וויסענדיג אַפּילו ווער דער מחבר איז...

„מיין שיף, מיין שיף, קומט שווין צום ברעג...“

מאָנטאַג דעם 22טען סעפּטעמבער. עס האָט געדרענגט א גאַנצען פריהמאָרגען... אין הויז איז געווען פינסטער... מיר קינדער זיינען געווען מיד פון א גאַנצער נאַכט זיצען אין אַנדערן צימער. דער דאָקטאָר האָט גע־זאָגט אז די ענדע קומט באַלד... פּלוצלונג... דער רעגען האָט אויפגעהערט... די הויז איז ליכטיג געוואָרען... די זון האָט אריינגעשטראַלט... דער זייגער... דער אַלטער זייגער האָט געשלאָגען איינס... און א הייליגע, וואַרימע, אמת־אידישע נשמה איז אויסגעגאַנגען...

אַפּריל, 1919, ניו־יאָרק.

ט ש א ר ל ז צ ו נ ז ע ר.

# התפלה

און מעגט איהר מיך רופען פאַנאַטיק,
צי לאַכען פון מיר, ווער עס וויל ;
ס'האַרץ ווערט דאָך גרינגער און לינדער
ווען איך בעט צו גאָט אין דער שטיל.

א קינד ווערט מיר קראַנק, חס חלילה,
צי וועלכע עס איז צרה פאַסירט,
עס מורמלען די ליפען „רפאָ נאָ!“
ס'האַרץ ביז צו טרעהרען גערירט.

איך וויין ביי דעם בעט פון דעם קראנקען,
„אָה גאָט, דיין רפואה גיך שיק!!“
און... לאַנגזאם בעווייזט זיך די הילפע
כ'רעדעלע דרעהט זיך צוריק.

דאָס קינד ווערט מיר בעסער און בעסער
אין שטוב שמעקט א פרעהליכע צייט
דאַן ערשט פיהל איך לערמאָנטאָוו'ס ליעדעל,1)
וואָס אמת'ע תפלה בעטייט.

# יודעשקע

## 1

נבלע ישראל עתה היו בגוים ככלי אין
חפץ בו (הושע ח׳ ח׳).
אחר ישובו בני ישראל ובקשו את ה׳
אלהיהם ואת דוד מלכם (שם ג׳ ח׳).

1) — נו: וואָס זאָגט איהר, עלזוער אַלע,
אויף אונזער יודעשקען, די געמיינטע כלה?!
ווי אלע לאַכען פון איהר, עס איז שוין ניט קיין סוד:
זי איז שוין „אוים כלה און ווייטער מויד.“
אזא שוטה! ס׳איז איהר אריין אין קאָפּ א געדאַנק א
פערקערטער.
אז דעם שכנ׳ס בחור איז איהר חתן, איהר בעשערטער.
אמת, מע דארף מיט שכנים אָרענטליך לעבען,
אָבער ניט גאָר אין גאַנצען זיך איבערגעבען,
טריט און טריט נאָך יענעם נאָכגעהן,
וואָס מיינס איז מיאוס, וואָס זיינס איז שעהן;
בעזונדערס, ווען יענער איז פון אן אַנדער נאַציאָן
מיט אַנדערע מנהגים, מיט אן אנדער רעליגיאָן,
בפרט נאָך, — ניט ס׳איז געוועזן תנאים, ניט ראשי פרקים,
ניט ער האָט זי געליעבט, ניט געפיהרט מיט איהר עסקים.
געוועהנליך, ער פלעגט איהר אפשר געבען אַמאַל א
חניפה׳לע
א לאַך, א שטיפ, ווי עס טרעפט אין אן אסיפה׳לע,

דאָס רוב אָבער דערלאַנגען איהר שטעכווערטלעך טיפע,
אז זי פלעגט ווערען טויט און רויט און אוועק בנזיפה;
נאָר זי האָט עס אלץ אָנגעהאַנגען די סבה,
אז דער בחור טהוט עס אלעס אויס ליעבע.
אי, אז ער ליעבט דיך, פאַר וואָס זשע זוכט ער אויף דיר
עונות?
פאר לייטען אין די אויגען מאַכט ער דיר אלץ בזיונות?
זוכט גאַנץ אָפט וועגען בלוט־בלבולים צו זאָגען א
המצאה?
אלע פרעגלען זיך פון נחת, איהם טהוט עס די גרעסטע
הנאה?
נאָר זי מאַכט זיך ניט וויסענדיג פון די אלע געשעפטען
און שרייט: „דער בחור איז מיין חתן" מיט אלע קרעפטען.

2

חי אני נאם ה' אלהים אם לא ביד
חזקה ובזרוע נטויה ובחימה שפוכה
אמלך עליכם (יחזקאל כ' ל"ג).

מיינט איהר, דאָס מיידעל איז אויסגעלאסען אדער
פערווילדעט?
שיצע גאָט! זי איז גראַדע אָרענטליך און היבש געבילדעט.
פעהיג געננוג
און רעכט קלוג,
ניט קיין פרעסערקע, זויפערקע, ווי אנדערע קינדער,
זי שפּאָרט איין יעדען רובעל, יעדען גראָשען בעזונדער.
אויסער א בגד וועט זי אמאָל אויסגעבען אן איבריגען
רובעל,
נאָר דערויף דארף מען אויף איהר אויך ניט האָבען
קיין פעראיבעל:

ווייל זי האָט נעבעך ניט קיין אנדערען נחת,
אנדערע שכנים אין הויף טהוען איהר כל־ה־צו־להכעים,
מען לאַכט פון איהר, מען שפעט, מען מאַכט כל הליצנות,
זיי טהוען איהר אָן געברענטע לייד גאָר אום־ברחמנות,
קיין שעהנע דירה ווילען זיי איהר ניט פערדינגען פאר
קיין געלט,
די פיינסטע ערטער אין הויף זענען פאר איהר פארשטעלט;
דאָרט האָט זי קיין דריסת הרגל, אלעס פאַרשטערט!
קיין זכות, קיין קוק, דאָס מינדסטע איז איהר פארוועהרט,
דאָ טאָר זי ניט שטעהן,
דאָ טאָר זי ניט געהן,
דאָ טאָר זי ניט לעגען, דאָ טאָר זי ניט שטעלען,
דער שכנה איז זי אזוי פראָסט ניט געפעלען,
די אנדערע שרייט: „יהודית שלאָגט מיר אָפּ די שוועלען!“
די רופט זי: אויסוואורף, משלחת, אָנשיקעניש!
און די טהוט איהר אזוי אויף צופוקעניש.
א דירה גיט מען איהר אונטען אין קעלער
אָן ענגע, ווי ווייט קירצער ווי ווייט שמעלער:
„דאָרט וואוין, יהודים, חאָטש ווער דערשטיקט!
דאָרט זיץ, שלימ׳מזלניצע, חאָטש ווער פאַרריקט!“
און אזוי זיצט זי נעביך, וועה און אָך,
פערשטופּט אין א ווינקעל אין א פינסטערער לאָך!...
אָט וויל זי כאָטש געהן אין א שעהנע קליידעל
פּילייכט וועט מען קוקען פריינדליכער אויפ׳ן מיידעל.
לסוף באַרעדט מען זי מיט אלע שימפּפליכע רייד,
פאר וואָס געהט אמאָל יהודית אין א שעהנער קלייד?
ווייסען ניט, אז זי זאָל ביי זיי מעהרער כבוד באקריגען,
וואָלט זי אפשר אין דער מאָרע אזוי שטאַרק ניט ליגען;
דען יעדער האָט עהרע געפיהל ניט צו זיין באַגראָבען,

א פּנים פון א מענשען וויל איעדער האָבען.
קורץ, עס איז איבריג די אַלע שאלות, —
זי איז א מיידעל מיט כל המעלות,
א פיין קינד, א שפּאָרזאמע, קען אַלעס טאָן,
נאָר דאָ איז איהר אריין א פאַנטאַזיע, א שגעון:
האָט זיך איינגערעדט און בעריהמט פאַר אַלע
אז זי איז אקוראַט דעם בחור'ס כלה...
האָט איהם אָנגעהויבען נאָכצואַהמען אין אַלע זאַכען:
ער מאַכט וויינאַכטען, א יאַלקע,—זי מוז עס נאָכמאַכען;
ער געהט אין קלוב,—זי געהט מיט איהם מיט,
ער געהט אויף מאַסקאַראַד—זי היט זיינע טריט,
ער האָט זיך א פּאסטאר—איהר געפעלט עס פאַר שעהן,
ער מאַכט א חופּה אין קירכע—ביי איהר איז דאָס מלא חן;
שעמט זיך מיט איהרע עלטערען, שעמט זיך מיט איהר
שפּראַך,
שעמט זיך מיט איהר פאָטער'ס חבורים: תלמוד און תנ"ך.
שעמט זיך מיט דער שטאָט וואו געוואוינט האָט איהר
פאָטער —
הכלל, פון אַלעס מיט אמאָל ווערט זי פּטור.
רופט מען זי מיט איהר יודישען נאָמען חלילה
וואָלט זי יענעם דן געווען מיט סקילה.
פון, די נעמען: יאָסיע, מאָסיע, דוואָסיע, סאָסיע —
מיך רופט מען ניט „יהודית"—פע!—נאָר פּעאָדאָסיע!"
הכלל, אַלע איינדענקען וואָס איהר איז פון פאָטער
געבליבען
האָט זי אַלץ געאָפּפערט נאָר דער בחור זאָל זי ליעבען,
אַלע הייליגקייטען וואָס זענען איהר פערבליבען בירושה
פון די אַלטע צייטען—האָט זי גאָר אָהן בושה
אַלץ מיט אמאָל מקריב געווען אויף זיין מזבח

נאָר מיט דעם בחור אליין זיך צו זיין משמח.
— און איהם האָט עס געקרענקט איהרע תנועות אלע;
איבערהויפּט: דאָס שדכנ'ען זיך צו איהם פאַר א כלה —
נו געהט, זעהט, וואָס פאַר א פּנים זי האָט היינט,
אז איהם האָבען אונטער געהעצט איהרע פיינט;
אז זיין גאַנץ איינגענס איז ביי איהר מיט אָבמאַן פערבליבען:
האָט זיך דער בחור מיט א גאַנצער שייקע צו איהר
פערקליבען
און האָבען איהר ווירטשאַפט ווי אויף מעהל צוריבען,
איהר גע'הרג'ט, געשלאָגען—ווי מ'איז זיך נוקם איבער
דיעבען,
באַריסען איהר ביז א זוים און זי ארויסגעטריבען!
איצט רעדט זי וועגען דינגען אן ארץ ישראל בויד, —
און אלע לאַכען: אויס כלה און ווייטער מויד!

3

כי אמרה אלכה אחרי מאהבי
(הושע ב' ז').

מיינט איהר דאָס ערשטע מאָל טרעפט איהר אזא שלאַק?
זי האָט זיך אזוי טויזענד מאָל בענאַרעשט, שטענדיג
געהאַט א פּסק,
טויזענד מאָל זיך פערליעבט, ענדליך געבליבען א דוראַק:
פערליעבט זיך אַמאָל אין א שפּאַניעץ מיט דעם
גרעסטען געשמאַק.
וואָס איז? יענער בחור האָט איהר געגעבען א גלעט
אין באַק,
האָט זי זיך, אויך ווי איצט, גענומען פיהרען נאָך זיין
געשמאַק;
זיין שפּראַכע, זיין פיהרונג, זיין גאַנג, זיין פראַק,

ביז ער האָט איהר דערלאנגט מיט זיין אינקוויזיטאָר'שען
קולאַק.
אז זי איז קוים א לעבעדיגע אנטלאָפען, געלאָזען האַק
און פּאַק,
ער היום האָט זי נאָך פון דעמאָלט אויף דער פּלייצע א
סיניאַק.2)
וואו איז דיין זינען, שוועסטערל, וואו איז דאס דיין שכל?
וואָס פערצאָפּעלסטו זיך אזוי ווען א בחור גיט דיר א
שמייכעל?
וואָס ווערסטו אזוי פון יעדען קאָמפּלימענט ענטציקט
און רויט?
וואָס קריכסטו אזוי פון יעדער חניפה'לע פון דער הויט,—
די וועלט זאָל דערנאָך האָבען וואָס צו לאַכען: „אוים
כלה — ווייטער מויד"?!

4

והייתם לי סגלה מכל העמים
טשמות י"ט ה').

ווען איך זאָל דאָס מיידעל ניט קענען, דעם פאָטער ניט
וויסען,
וואָלט מיר גאָר אזוי פיעל ניט פערדריסען.
מע זאָגט: דער פאָטער וואר פון גאַנץ רייכען שטאַנד,
א יוסטער בעל הבית, א גוט בעזיצער פון א היבש שטיק
לאַנד,
געהאַט אייגענע פעלדער, וועלדער, וויינגערטנער, סעדער,
טייכען, אָזערעס, פאַבריקען און זאַוואָדען כסדר;
אויף דער גאַנצער וועלט פלעגט זיין מסחר בליהען,
קיין תרשיש, קיין אופיר פלעגען זיינע שיפען פליהען;

זילבער — זאָגט מען — האָט זיך געוואַלגערט אין די
גאַסען ווי שטיינער.
צו אַזאַ רייכען לעבען האָט דערמאָלט ניט זוכה געווען
קיינער,
א שוהלכעל האָט ער אויסגעסטרויעט רייך און שעהן
מען האָט נאָך אזוינס אויף דער וועלט ניט געזעהן.
א רוימישער קאָנסול האָט אַמאָל צו זיינע געשריבען,
אז ער איז פאר וואונדער אמאָל שיער אין חלשות
געבליבען, —
זעהענדיג דעם יום כפור׳דיגען פּאַראַד דעם רייכען
וואָס ס׳איז גאָר אויף דער וועלט ניטאָ זיין גלייכען.
יום טוב פלעגען זיך אַהין אין שוהל צונויפקומען צוזאַמען
די גאַנצע פאמיליע גרויס־און־קליין, מענער און דאַמען;
די אלע בעדינער פלעגען געהן אין איינע קאסטיומען,
פאר די טריט פונ׳ם אויבער־דינער פלעגען דאַמען
ווארפען בלומען;
די 12 בריליאנטען אויף זיין האַרצען האָבען בעטראָפען
גאַנצע סומען.
א טהייערער כאָהר האָט געזונגען, א קאָמפּלעקט מוזיק
צוגעשפּיעלט,
אז דאָס האַרץ האָט זיך געפרעהט, א געטליכען תענוג
געפיהלט;
אין אלע ווינקעלאך האָט געשמעקט פאַרפומען,
אויף זיבען מייל פון שוהל איז דער ריח געקומען;
ויין, בוימעל—האָבען פראָסט געפליסט גאנצע טייכען;
עס געניסט יעדער אבר בעזונדער אין אלע פאַכען
פערגניגען, פערגניגען גאָר אָהן א גלייכען!
איך קען אייך זאָגען, איך קען אייך שווערען:
ווען איך נעהם איהר פאָטער׳ס א יום־טוב באַקלערען

הייבט זיך אָן קייקלען פון די אויגען טרערען,
און מיט אזא זיסקייט אז עס ווילט זיך ניט אויפהערען.
דערנאָך, אז דער פאָטער איז פאראָרימט געוואָרען,
זיין נחלה איז געבליבען ביי זיינע בייזע קרעדיטאָרען —
און ער איז מיט שאַנדע פון מאַיאָנטעק אַפּגעפּאָהרען,
האָבען איהרע ברידער געזעהן : עס קומען אָן שרעקליכע
יאָהרען !
האָבען זיי זיך גענומען שטודירען און ארויס פּראָפּעסאָרען,
ביי קעניגע, ביי סולטאַנען—דאקטוירים און מיניסטאָרען ;
אין גאנץ אייראָפּא געגרינדעט די ערשטע אקאדעמיעס,
פון אלע קונסטען—פּערדיענט די גרעסטע פּרעמיעס ;
אלע שבע חכמות מיט דעם פיינסטען מאָראל
האָבען זיי, נאָר זיי, פאָרבערייטעט איבעראל :
פון אָקספורדער ביבליאָטהעק עפענט דאָס טהירעל
וועט איך גלייך ערשיינען רבי שלמה בן גבירול,
אלחאריזי, בן יחייא, אבן עזרא, בחיי דער דין —
ר' יהודה הלוי מיט זיין הימליש־פּאָעטישען רעיון,
און נאָך א סך חכמים וועלכע שיינען ביז יעצט העל,
באופן, אז פון דעם רמב"ם ביז דעם אברבנאל
חאַפּ איך אָן צום ביישפּיעל נאר עטליכע
פון די טויזענדער חכמים די געטליכע ;
דען אויסצורעכענען אלעמען איז גאָר אונמעגליך,
סיידען לעבען הונדערט יאָהר און שרייבען טאָג טעגליך—
חוץ טויזענדער, וואָס זענען פערברענט זייערע ספרים,
און מעהרער זענען אריין מיט זייערע ביכער אין די קברים.
איצט אויך האָבען געלעהרטע גאָר פרעמדע ערקלעהרט
אין זייערע ביכער פון איהרע ברידער די ווערטה,
די בילדונג זייערע אין אלע צייטען, אין אלע ערטער,
אז עס הויבט זיך פרעהליך דאָס הארץ פון די ווערטער —

זאָל אזעלכע איהר פאמיליע פערגעסען, בעטריבען,
און זאָל זיך אין דעם שכנ׳ס בחור פערליעבען ?
פארגעסט זיך אז פון אזעלכע זאַכען האָט פיעל מאָל
געטראָפען
אז זי איז פון די חֲתָנִים קַוים א לעבעדיגע אנטלאָפען !

5

כלך יפה רעיתי, ומום אין בוך.
(שה״ש ר׳ ז׳).

ווען איהר וואָלט זי קענען, ווען איהר וואָלט זי זעהן
וואָס פאר א זעלטענע חכמה זי איז אלס קינד געווען :
אויף די שווערסטע פראַגען פלעגט זי געפינען א תירוץ
און אלע איהרע חברת׳עס האָט זי געלערענט דרך־ארץ.
למשל, אלע איהרע חברת׳עס, פון גרויס ביז קליין,
פלעגען אויפ׳ן הויף שטענדיג מיט ליאלקעס ארומגעהן,
ליאלקעס פון האָלץ, ליאלקעס פון שטיין,
פון גלאָז, פון גאָלד, פון זילבער, פון ביין,
פלעגען מאַכען שטיבעלאך מיט שאליקעס,
אינווענינ אָנגעשטעלט פול מיט ליאלקעס,
פלעגט זי זיי ערקלערען אזוי קלוג, שטיל און גאַנץ
געלאסען: :
פאר א דערוואקסענעם מענשען שפיעלען מיט ליאלקעס
הויבט ניט אָן פאַסען,
ס׳איז דאָך נאָר ליאַלקעס דורך מענשען געמאַכט
זיי האָבען דאָך ניט קיין ממשות, קיין מאַכט,
זיי קענען ניט געהן ניט שטעהן,
זיי קענען ניט הערען און זעהן,
וואָס זשע פאר א טעם קענט איהר פיהלען
מיט אזוינע נישט׳ן זיך צו שפילען ?

דאָס וואָלט אפשר געפּאַסט שעהן,
פאַר קינדער וואָס הויבען נאָר אָן צו געהן...
און ווען זי איז עלטער געוואָרען, אריין אין דער
סוחרי׳שער וועלט,
איהרע סחורות זענען אויף אלע וועלט־מארקען געווען
אויסגעשטעלט,
האָט איטליכער פון איהר מסחר־טאַלאַנט אָנגעקוועלט,
איטליכער ווייסט אז יהודית איז א בעוואוסטע
קאמערציסטין,
אַלע זענען מודה, יהודית איז אין האַנדעל איין אַרטיסטין!
אָט דעם בחור האָט זי אויך אויסגעלערענט האַנדעל־
געשעפטען
און האָט אויף איהם אוועק געלעגט אלע איהרע קרעפטען,
ער איז ב״ה רייך געוואָרען פון דער סוחר׳ערײ,
און זי האָט זיך בעגניגט מיט איהר מעקלערײ;
לסוף, אז זי האָט איהם אין די מיליאָנען אריינגעפיהרט
האָט ער זי מיט אלערליי בזיונות, ווי מיט בלאָטע
אויסגעשמירט:
אז זי האָט איהם בעראַבעוועט, בעגזלט, עקספּלאָאַטירט,
און מיט זיין רייכקייט, זיין האָב־און־גוטס, זיך געצירט.
כטייטש! אז זי איז פון דיין איינס פּראָצענט קאָמיסיאָן
געוואָרען רייך—האָסטו דאָך, סוחר׳ל, פערדיענט א
מיליאָן! —
אז צעהן לאַבען ברויט איז ביי דיר אוועק אויף זאַקוסקעס(3
האָסטו דאך אויסגעשיינקט בראנפען טויזענדער
קאדושקעס? !(4
די טענה איז אָבער נאָר ביים בית־דין, ניט ביי אזא
קאָמאַנדע:
נאָר דער קולאק איז דער חושן־משפט ביי אזא מין באנדע.

נאָ, האָסטו דאך איהם געלערענט, ארויפגעבראכט אויף
א שטאַנד
האָט ער דיר בעצאָהלט שכר־למוד מיט א פּוֹלער האַנט;
ער איז דאָך דיין חתן, אזוי האָסטו זיך געשריגען פאר אלע
אָט האָט ער דיך בעלוינט ווי מען בעפרידיגט א כלה!

6

כי תעבור במים אתך אני ובנהרות לא
ישטפוך; כי תלך במו אש לא תכוה
ולהבה לא תבער בך (ישעיה, מ"ג ב').

א מאָדנעם כאַראַקטער בעזיצט אָט דאָס מיידעל,
וועלכע איז פון יוגענד ערצויגען זאָ צאַרט און איידעל,
אז אָבוואָהל פאר א גוט וואָרט, פאר א חניפה, פאר א גלעט
שענקט זי שוין אוועק איהר גאנצע נאַציאָנאַליטעט,
איהר יחוס, איהר ירושה, איהר ליטעראַטור, איהר שפראך,
און קוקט אויף דעם אַלעמען ווי אויף אַן איבריגער זאַך,—
קוים אָבער וויל מען זי דערצו דריקען מיט געוואלד
דאָס אלעס צו פערניכטען און פערווארפען באַלד —
ווערט אויף דעם מיידעל פּלוצים איין אנדער געשטאַלט,
ווערט א אכזר אויף זיך ווי א חיה אין וואַלד
איהר הויט—ווערט קופּער, איהר קערפּער—סקאַל, איהר
כאַראַקטער—אייזען,
דאן מעגט איהר איהר דעם גאַנצען גיהנם אויף דער
וועלט ווייזען,
פייניגען מיט ענוים, בויגען ביז צו דער ערד.
האַלטען איבער איהר האַלז די שאַרפסטע שווערד,
דונערען, שיסען מיט קוילען, רעגענען מיט האַרמאַטען,
פערפלייצען מיט טאָרפּעדען, האַגלען מיט גראַנאַטען—
שטעהט זי זיך גאַנץ רוהיג, ווי צימענט,
ווי די טראַיאַנישע בעצויבערטע ווענט,

ביז אלע קוילען, גראַנאַטען, ווערען שוין פארלענדט,
ביז עס ווערען שוין מיעד די אכזריותשע הענד,
און זי טראָגט עס רוהיג איבער
ווי דעם קלענסטען פיעבער,
און דעמאָלט קוקט אייך צו
אויף דער מיידעלס פיזינאָמיע,
ווי איהרע באַקען ווערען רויט ווי צונטער,
דער מוטה איז פריי און מונטער,
די אויגען שיינען, קוקען אויף אויבען
און בלייבט זיך ביי איהר גלויבען!
שווערדען ווערען צובויגען,
קארטאטשען ווערען צעפלויגען,
הארמאטען ווערען צעקראָכען,
קינזשאַלען ווערען צעבראָכען,
איהרע מלאכי־חבלה, איהרע מזיקים ווערען שוין מיעד
פון צו שניידען, פון צו רייסען איהר גליעד פאר גליעד.
זי שטעהט זיך רוהיג און זינגט איהר ליעד:
„שמע ישראל! איך בלייב א איד!!"
וואָס לייטישע טעכטער מאַכען גאָר קיין פראַגע
ביי אזעלכע אומשטענדען, ביי אַזאַ מין לאַגע:
ביי איין רעכטען דריק גיט מען זיך באַלד אונטער —
פארדאָן!
מען ווערט שוין פערזונקען צווישען יענער נאַציאָן,
דאָס איינס ווערט פערשוואונדען צווישען דעם מיליאָן
און עס בלייבט ניט קיין זכר פון נאַציאָנאַליטעט,
— רעליגיאָן
אָ, יהודית! אָט דער כאַראַקטער האָט דיר געגעבען
אייביגע יאָהרען און אן אונשטערבליך לעבען!

דאָס איז דער עסיג־עסענץ, וואָס האָט דיך אויף אייביג
געמאַרינירט,
דורך קאָסטיאַרען פייער האָט דאָס דיך דורך געפיהרט,
דורך אָקעאַנען־וועלען, ווי אויף דער יבשה מאַרשירט,
דורך טויזענדער שנייד־מעסערס ווי אין פאַראַדיז
געשפּאַצירט —
און דאָס איז די סבה פון דיין קיום נאָך אלע געפאַהר.
בראווא, יהודית, בראווא! א מענש ביזטו דערפאר!

7

ורדפה את מאהביה ולא תשיג אותם
ובקשתם ולא תמצא ואמרה אלכה
ואשובה אל אישי הראשון כי טוב לי
אז מעתה (הושע ב׳ ט׳).

מילא, וואָלט איהר איצטער, לעזער, געבען א בליק
צייט דער זיסער חתן דערלאנגט איהר א דריק
ווי זי האָט זיך עס גענומען קעהרען צוריק. —
עס איז א מצוה יהודית׳ן גוט אָנצוקוקען, גוט בעטראכטען
ווי זי האָט זיך גענומען די נאָכאַהמונג צו פעראַכטען:
וואו קלובען, וואו בעלער, וואו מאַסקאַראַדען!
אוים יאָלקע, אוים ווייִנאַכטען, אוים פאַראַדען,
ניטאָ די אמאָליגע גענג! חלילה וחס!
ז׳ איז גאָר אנדערש אין שטוב און אין גאַס.
אסור, איִב איהר וואָלט איצטער יהודית׳ן דערקענען:
האָט אָנגעהויבען שטאַרק איהרע עלטערן צו דערמאָנען,
מיט זייערע פאָטאָגראפיעס אויסגעהאנגען איהרע חדרים...
האָט שטאַרק גענומען קוקען אין איהר פאָטערס ספרים...
און צווייטענווייז אין חלום ווען דער מח ווערט איהר לויז
דענקט זי גאָר פון איהר פאָטער׳ס הויז.
ווי א נאַכט־וואנדלערין געהט זי ארום אלע נאַכט
אין דעם פאָטער׳ס מאַיאָנטיק איז זי שטאַרק פערטראַכט,

און ווען איהרע צרות ביי טאָג דריקען איהר נאָך גוט צו
הערט מען איהר שרייען פון שלאָף מיט פאַנטאַזיע:
— געגנוג מיר שוין צו ליגען אין פרעמדע דירה׳ת, אין
ענגעניש, —
ניט וויסען פון קיין רוה ווי אין א געפענגעניש;
מיין פערהאָרעוועטער גראָשען איז הפקר ביי יעדען,
איך דערלעב אלע מאָל א נייעם גרוש, נייע ליידען;
מען לאָזט מיך ניט האָבען קיין טאָג קיין פרייען
מען דריקט מיך תמיד, מע בויגט מיך אין דרייען,
„געה! געה!" הער איך אויף יעדען שריט שרייען
— ווי ערשט ניט לאַנג האָט א דייטשקע איינע
מיך ארויסגעטריבען: זי וויל מיך ניט פאר א שכנה —
איך זעה: איך מעג זיין פארטיג צו נייע גלגולים
פון אלע אמאָליגע שרעקליכע בלבולים!
אמת, מיינע א גאַנץ פיינע שוועסטער פון פאַריז,
וועלכע איז א רייכע שטאַטס־דאַמע, האָט א מאַן א
מארקיז,
האָט מיר געגאַרייעט אין אמעריקא א דירה
און צוגעזאָגט וויגאָדעס מיט דער בעסטער שמירה,
נאָר איך האָב זיך ניט אָנגעכאַפּט אין דער מציאה:
אדער מיין שוועסטער גרייזט, אדער זי מיינט עס מיט
א פניה...
און ווער קען מיר זיכערען פון אזעלכע צייטען
ווען איך וועל שוין אייראפּע אויף אמעריקא בייטען
איין היים—פאנטאזירט זי—איין היים וויל איך האָבען:
דאָרט, נאָר דאָרט וועל איך מיט לוסט די ערד גראָבען,
אקערען, זייען, שניידען, טהאָן אלע מלאכות אין פעלד,
זיין די פיינסטע ווירטין ביי זיך אין געצעלט.
נאָר אויף מיין טאַטענס נחלה—פיהל איך—קען איך
האָבען ברכה,

דאָרט וועט מיר די עראינערונג פערגרינגערען אלע
מיה, יעדער מלאכה;
דאָרט, נאָר דאָרט, ניט צווישען די פרעמדע משפחות,
וועל איך קענען מיט'ן גרעסטען פלייס טהאָן אלע
מלאכות.
יעדעס זעמדעלע איז מיר דאָרטען הייליג
מיין היסטאָריע, מיינע געפיהלען האָבען דאָרט א חלק;
דאָס איז א ירושה פון מיין זיידען דעם אַלטען,
מיין גאַנצער יחוס ליגט דאָרטען בעהאַלטען;
דאָרט בין איך געבוירען, דאָרט האָב איך געזויגען,
דאָרט האָב איך געשפּיעלט, דאָרט בין איך ערצויגען,
דאָרט האָב איך מיין וואהרען גלויבען גענומען, —
דאָרט וועל איך ערשט מיין וואַהרען חתן בעקומען!
ווען איך וועל אמאָל האָבען מיינע אייגענע פיער ווענט,
קומט דעמאָלט מיין חתן און וועט זיין פרעזידענט
מיינער א שוועסטערקינד מיט דעם נאָמען „משיח“,
ווי די נביאים האָבען פּראָפעטירט מיין קונפטיגען
נחת־רוח;
און נאָך פאר תנאים וועלען מודה זיין אלע
אז יהודית איז אויס מויד, נאר א וואַהרע כלה!
צו תנאים וועל איך פאר אלעמען דערצעהלען אין פריידען
פון די אלע שידוכים, וואָס מען פלעגט מיר ריידען,
און יעדעס מאָל אויסגעשטאַנען אזוי פיעל צרות און לײדען
ביז די געטליכע האַנט האָט פארבונדען אונז ביידען,
און דאן וועט ער מיך ארומאַרעמען אין זיינע הענט
און אלע וועלען אויסזינגען א דיוועָרטיסמענט, —
אז יהודית'ס חתן איז משיח דער פּרעזידענט!!

1882

# דער קאָנטראַקט

כי תעבד את האדמה לא תוסיף
תחת כחה לך נע ונד תחיה בארץ.
(בראשית ד יב)

1.

בשעת גאָט האָט בעשאפען זיין וועלט,
אויף איהר א מענשען, וואָס זאָל רעגירען,
האָט ער דאַמאָלס מיט איהר בעשטעלט,
זי זאָל זיינע וועקסלען רעגולירען.

2.

דער מענש זאָל אונטערשרייבען מיט זיין האַנד,
בעקומט ער פאר די וועקסלען פרוכטען דאַגעגען;
פון צווייטען זייט וועקסעל, — איז גאָט דער זשיראַנט,
וואָס ער צאָהלט עס איין, מיט ווערמע און רעגען.

3

דען דער מענש איז א קינד פון גאָט,
וועלכער קומט נאַקעט אין די היגע טרויערטהאָלען,
דאַרף ער לעבען אויף גאָט'ס שטשאָט[1]
און וואָס ער נעהמט אָן, מוז די ערד בעצאָהלען.

4

דער מענש דארף עסען, אַ שוך, א קלייד,
אויך אַ דירה, וואו צו וואוינען,
וואַסער, אָטהעם (פון דעם איז קיין רייד),
די ערד מוז מיט אלעם איהם בעלוינען.

5

דער מענש קען אָבער אויך פיעל פערשווענדען
אין לוקסוס און אין אַלע איבעריגע זאַכען,
בכן קען זיך מיט דער צייט איהר קאַסע ענדען,
און וועט מוזען ענדליך א באַנקראָט מאַכען;

6

דערום בשעת אדם איז בעשאַפען געוואָרען,
האָט זי געמוזט מיט גאָט אַ קאָנטראַקט שרייבען:
פיעל ער האָט צו לעבען פון געבאָרען,
און פיעל ער האָט רעכט קאָסטען אָנצוטרייבען.

7

גראָז פון די פעלדער זאָל זיין — זיין עסען, 2)
א פעל פון א חיה זיינע קליידונגס־זאַכען3)
און אויב די היץ וועט איהם שטאַרק פרעסען,
קען ער זיך פון צווייגלאך א ביידעל מאַכען.

8

אָט דאָס איז זיין הוצאה, מעהר נישט א האָר,
מעהרער דאַרף די ערד איהם נישט געבען,
דעם מענשען האָט ער בעשטימט, אַז ניין הונדערט יאָהר
האָט ער דאָס רעכט, אויף דער וועלט צו לעבען4)

9

די ערד האָט בערעכענט אלע איהרע פעלדער,
אַלע איהרע בערג מיט זייערע מעטאלען;
אינזלען, געוויקסען, מיט אלע וועלדער,
ימים, טייכען, אָזערעס, און קוואַלען.

10

קורץ, זי האָט אויסגערעכענט איהר גאַנצע קאַסע,
זי זאָל קענען זיינע וועקסלען אַקצעפטירען,

בערעכענט איהר הוצאה געגען די הכנסה,
זי זאָל ניט גענויט זיין צו באַנקראָטירען.

11

אנדערטהאלבען טויזענד יאָהרען,
האָט אזוי די וועלט עקסיסטירט,
ביז וואנען דער מבול איז געוואָרען,
האָט זי זיינע וועקסלען רעגולירט.

12

אָבער נח'ס קינדער וואַרען שוין ניט צופריעדען
מיט גראָז, מיט פעל, פון צווייגלאך אַ געצעלט.
זיי פערצערטלען דעם מאָגען מיט עסענס פערשיעדען.
זיי ווילען שוין לעבען בעסער אויף דער וועלט.

13

אנשטאָט גראָז ווילען זיי עסען פלייש,
בעדעקען זיך מיט פעל וויל שוין ניט קיינער,
נאָר וואָל — ווען קאַלט, פלאַקס — ווען הייס,
און בויען הייזער פון ציגעל, שטיינער.

14

גלייך האָט די ערד א ביטשריפט דערלאנגט,
אַז דער מענש טרעט איבער גאָט'ס קאָנטראַקט,
מעהר פון איהרע פונקטען דער מענש פערלאַנגט.
דאַן האָט מען אין הימעל געמאַכט אַן אַקט. —

15

גלייך האָט די ערד א רעזאָלוציע בעקומען:
אַז דער מענש קען זיך מיט אלעס בעניצען,
אי פלאַקס צום לייב, פלייש צום גומען,
מויערן צו וואוינען, שטעדט צו בעזיצען.

16
דערפאר אבער מוז ער זיך בעשליסען,
ער זאָל צופריעדען זיין מיט ווענינגער לעבען,
נאָך דריי הונדערט יאָהר קען ער די וועלט גענִיסען,
דאַן מוז ער זיין קערפער צו דער ערד אָפגעבען. —

17
און דאָס איז אלעס נאַטירליך, ניט איבערטריבען,
פיעל שטאָף די ערד גיט אַרויס, אַזוי פיעל מוז צוריק קומען,
הוצאה און הכנסה ווערט אלעס פערשריבען,
דעבעט און קרעדיט מוזען גלייך שטימען. —

18
וואָס נאָר מעהרער לוקסוס, איז ווענינגער יאָהרען,
איינס איז נאָר אָן דאָס אנדערע געווענדט,
וואָס מעהר ער ציהט פון איהר: פלאקס, פלייש, קאָרן,
שטארבען רק פון מענשען א גרעסערער פראָצענט. —

19
אזוי איז אוועק אצייט מיט יאָהרען,
די מענשען לעבען אימער בעסער און שענער,
דער לוקסוס איז שטענדיג גרעסער געוואָרען,
און דעם מענשענס לעבען—קירצער און קלענער.

20
נאָך מיט איין דור פריהער, פאר אונזערע צייטען,
ווען די מענשען האָבען זיך שפּארזאמער געפיהרט,
האָט מען נאָך בעגעגענט פיעל אלטע לייטען,
וואָס האָבען זיך געזונד און שטארק געשפּירט.

21
היינט אָבער האָבען מיר א פּאַריז זאָל לעבען,
וואָס האָט איהר אייגענס, א „מארשאַנ־דע־מאָד“ !

זי שטרעבט זיך נייע מאָרעס ארויס צו געבען,
די ערד האָט היינט אן אונגעהייערען ראַסכאָד5)

22

ווער עס האָט בעוואוינט אמאָל איין צימער,
איז יעצט זעקס צימער אויך ווייניג פאר זיין שטאַלץ,
און די ערד מוז רק אימער און אימער
הערויסגעבען פון זיך וואפּנע, לייס, האָלץ.

23

מעהרער צימער — איז מעהר האָלץ צו בעהייצען,
און מעהרער מעבעל איין זיינע זאַאַלען;
וועלדער אָבער קענען ניט ווי טייכען פלייצען —
בכן ווערען רק טהייערער איהרע מאטעריאַלען.

24

מיין בעסט פערמעגען איז שוין פערצעהרט,
גאנצע וועלדער זיינען שוין געוואָרען פערוויסט,
מען שלעפּט שוין שטיינקויהלען טיף פון דער ערד,
אויף טאָרף, שטרוי, קאמיש און קיה׳שע מיסט.

25

ווער רעדט פון קליידער, ווי עס איז געענדערט,
ווי מיט הונדערט יאָהר צוריק,
פיעל געלט ווערט עס פערשווענדערט,
אויף יעדער נאַרישקייט יעדען אויגענבליק.

26

אַ קיטייענע קובע, געשטעפּט אויף וואטע,
האָט מען אמאָל אָפּגעטראגען א יאָהר דרייסיג,
אויף די שיך מיט שנאלען געלייגט אַ לאַטע,
אָפּגעטראָגען א ווינטער גערן און פלייסיג.

27
א ווייסען לייׅלאך, פון פאָרנט א בענדעל,
האָט זי געטראָגען ביז אלס באָבע,
אַ זאַלעשקע, אַ קיסקע מיט א שמאָל שטענדעל,
איז דאָס געווען א כלה׳ס גארדעראבע.

28
ביי היינטיגען טאָג, צו בערעכענען קליידער,
וועט קיין ציפער ניט סטייען אויף אזוי פיעל מיליאָן,
עס קומען צו טעגליך מאשינען און שניידער,
און אַלע הענד האָבען וואָס צו טהאָן.

29
דרייסיג ארשין אויף א קלייד שטאָף,
אויסער בעפוצונג און אויך שמוקלעריי,
און אלע חודש א נייע, עס נעהמט ניט קיין סוף,
מען טראָגט ניט ביז אלט, דען פּאַריז איז דערביי. —

30
מען טראָגט אָב א קלייד, קוים עטליכע וואָכען,
איז זי שוין ביי דער טענדלערקע אויף דער האַנט,
די גרעסטע סטאַטיסטיקער האָבען זיך דעם מח געבראָכען,
און דאָך בלייבט פון קליידער די רעכנונג אונבעקאנט.

31
אויסער מאַנטלען, מאַרגענרעק, היט און טיכער,
בענדער, בלומען, צעפּ און פעכער;
אויסער זאַאלען־בעפוצונג אָהן א שיעור, אָהן א מאָס,
וואָס מען זעהט אין די הייזער ביים קלענסטען בעל־הבית.

32
אויסער פוטערס, וואָס פעהלט היינט ביי קיינעם,
וואָס אמאָל פלעגט מען עס טרעפען פון טויזענד איינעם,

באבער, שאָפּען, קאמטשאַטקעס אלערליי,
טכוירען, מארדער, עלקען, פיי.

33

לייפּציג, פּאָלטאווע, מאקאריע, סיביר,
שטייגען די יריד׳ען פיעל, אָהן א שיעור,
און וואָס מעהר סחורה, וואָס גרעסער דער פאנג,
אַלץ העכער דער פּרייז, אלץ מעהר דער פערלאַנג.

34

אַ ווייבעל, וואָס האָט א געזעלען אַ מאַן,
געהט געקליידעט, ווי די גרעסטע אָסאבע.
אַ מיידעל, וואָס מען גיט פופציג רובעל נדן,
בעטרעפט דריי הונדערט איהר גארדעראבע.

35

דער לוקסוס אין עסען איז אונגעהייער,
מען מישט צונויף געריכטען א פולע.
דער ראסכאד איז גרויס, מען קוקט ניט וואָס טהייער,
און די מענשליכע מאָגענס ווערען מכולה.

36

וואָס אמעריקא נעהמט צו אָפּיום די יאָהרען,
וואָלטען זיך דערמיט שטעדט ערנעהרט.
דרייסיג פּראצענט פון קארטאָפּעל און קאָרן
ווערט אין רוסלאַנד אויף בראנפען פערצעהרט. —

37

מיט וואָס טויזענד מענשען פלעגען זיך ערנעהרען,
זעהט מען עס היינט צעהן מענשען פערלעבען.
עס מעג זיך אין דאָפּעלט אלעס טהייערער ווערען,
פאָדערט מען פון פאבריקען אין דאָפּעלט הערויסצוגעבען.

38
אַז די ערד קען שוין ניט אַזוי פיעל דערלאַנגען,
פיעל די מענשען פון איהר פערלאַנגען,
די מענשען פאַרערן איבער איהרע קראפט,
און שמאַקטשען איהר אַרוים דעם לעצטען זאפט.

39
און די צאָהל פון מענשען פערגרעסערט זיך פון יאָהר,
פיערצעהן הונדערט מיליאָן בעטרעפט איצטיגער דור,
מיליאָנען קומען צו צום נייעם חשבון פון אלטען,
און די ערד מוז אלעמען מיט אלעס אויסהאַלטען.

40
פאר פיערצעהן הונדערט מיליאָן טעגליך גרייטען אַ טיש!
מיט אלע וואוילטאָגען, און שטענדיג פריש...
פיערצעהן הונדערט מיליאָן, מיט קליידער צופריעדען
שטעלען!
און נאָך פאריזער זשורנאלען, נאָך די נייעסטע מאָדעלען...

41
פיערצעהן הונדערט מיליאָן, אלעמען צו בעלוינען,
פאר יעדערען א דירה, אן אָרט אויף צו וואוינען!
אַלעמען צו בעפוצען מיט פיעל טהייערע ציערונג,
אַלעמען צו בעזעצען מיט די פיינסטע מעבלירונג.

42
אין דער גאַנצער וועלט וואַגאָנען, לאָקאָמאָטיווען,
אויסער אויף אלע ימים אָקרענטען, שיפען.
שטיינקויהלען, האָלץ, פיעל זיי פארנאַשען!
מאַשינען, בעלייכטונג, און אלע פריפאסען! —

43
דרום ווערט דער יקרות וואָס א יאָהר גרעסער,
עס איז שוין ניט צו האָפען אויף עטוואָס בעסער,

אַז עס טרעפט אז עס ווערט שוין וועלוועלער אמאָל,
אָבער איז דען צו האפען, אויף דעם פערצייטיגען זול ? !

44
וואָלטען זיך די מענשען פיהרען מיט'ן אלטען פיהרונג,
אין עסען, אין טרינקען, אין קליידער, אין ציערונג,
וואָלט נאָך די ערד האָבען פון איהרע כחות א רעסט,
און וואָלט שפייזען אַלע, ניט אָבזאָגען פון קעסט.

45
נאָר דער לוקסוס מאכט איהר מאגער און טרוקען,
פון צו פיעל זייען, פון צו פיעל פלאַנצען.
און די נייע מאַשינען מיט די פיעלע פאבריקען,
שמאָקטשען ־ הר אוים די מאַרך אין גאַנצען.

46
אמאָל האָט מען קאָרן פארזעעט אַלע יאָהר,
אויף די זעלבע פעלד, און ניט געגעבען קיין מיסט,
דער קערענדעל איז געווען מיט פעטס, מיט א שפּאָר,
און תבואה האָט מען פערקויפט כמעט אומזיסט.

47
אָבער מיט דער צייט איז מען געוואָרען גענויט,
די פעלדער צו פעטיגען אָפט מיט מיסט,
דאָך האָט מען אלע יאָהר די פעלד געזעעט ;
וועגען לאָזען פּאָפּאר6) האָט מען ניט געוואוסט.

48
היינט, אַז מען זעעט די פעלד איין יאָהר מיט קאָרן,
זעעט מען אויף איהר האָבער דעם אַנדערען יאָהר,
און לאָזען פּאַפּאַר אמאָל אין דריי יאָהרען, —
און שוואַך ווי א פליג איז דער היינטיגער דור !...

49
ווייל די מענשען מאַטערען איהר צו פיעל אויס,
איבער איהרע קרעפטען, ציהט מען פון איהר ארויס,
דרום ווערט דער קערענדעל מאגער און האַרט,
און די ערד ווערט פון יאָהר פערטריקענט, פערדארט.

50
און ווייל די ערד פערמאָגט שוין ניט חיונה צו געבען,
און דער בויער מוז זוכען פון וואנען צו לעבען,
אַט מוז ער שוין בייטען דעם אָרט אויף איין אַנדערען,
קיין אמעריקא, קיין אפריקא, מוז ער שוין וואנדערן.

51
ער מוז אימער זוכען א פרייע, פרישע ערד,
וואָס מענשען האָבען איהר נאָך ניט אָבגעצעהרט,
דרום זעהט מען בויערען פון פערשיעדענע נאַציאָנען,
לאָזען זיך אין עק וועלט, צו גרינדען קאָלאָניען.

52
דען די אלטע ערד האָט שוין איהרע קרעפטען פערלאָרען
קיין בלוט קען ניט צוקומען פון איהר מאָגערען קאָרן,
די קראנקהייט פון בלוט־פעהליגקייט, שטארקט זיך פון יאָהר,
און שוואך ווי א פליג איז שוין היינטיגער דור.

53
שוואַך ווי אַ פליג, די נערווען פערשלאפט,
קיין איינציגער טראָפען בלוט ניטאָ אין אָרגאַן,
קיין כחות, קיין מוחות. אין די ביינער קיין זאַפט,
צו פערציג יאָהר איז מען שוין אן אַלטער מאַן.

54
פערציג יאָהר א מענש, פלעגט זיין אַ גבר,
היינט איז ער אָהן ציינער, די קאָפּ איז גראָה,

דער מיט שפּאַזמע, דער א מאָגען־קאַטאַר,
קיין וואהרער געזונטער איז היינט גאָר ניטאָ.

55
בכן איז יעצט ביי דער ערד געבליבען,
ווי זי האָט דערזעהען, אַז זי בלייבט באנקראָט,
האָט יעצט אַ נייע ביטשריפט געשריבען,
מיט דיזע ווערטער, דערלאנגט צו גאָט:

56
„פון מיר ערד, איינע פון די פּלאַנעטען,
„וועלכע שוועבען ארום דעם זאָנען־קרייז,
„איינע רעזאָלוציע קום איך יעצט בעטען,
„וועגען מיין קאָנטראַקט איצט איבעראַניים.“

57
„אזוי ווי אמאָל האָסטו א רעשעניע געגעבען,
„אויף מיין ביטשריפט פון אמאָל צו דיר:
„אז דער מענש זאָל אימער וועניגער לעבען,
„און וואָס מעהרער וואוילטאָג, גיכער קומען צו מיר“.

58
„אָבער די מענשען פון היינטיגען דור,
„פערלאַנגען שוין איצט פון מיר גאָר צו פיעל,
„דער לוקסוס שטייגט פון יאָהר צו יאָהר,
„איך קען דאָך ניט דערלאנגען פיעל יעדער וויל.

59
„כאָטש יונגע מענשען שטארבען פיעל אַוועק,
„דערצו אַלע יאָהר זעהר אַ גרויסען פּראָצענט,
„באופן אז היינטיגע צייט אַ גאַנצער וויעק,
„אין זיעבען און צוואנציג יאָהר ווערט עס פערלענדט.

60
„דאָך בין איך דערמיט ניט געהיילט,
„איך ווער פון די מתים גאר ווייניג פעט,
„אז קיין פלייש ווערט גאָר אין מיר ניט צופוילט,
„דען מען קומט שוין צו מיר אַ הוילער סקעלעט.

61
„וואָס בין איך געהיילט מיט זייער אָבצעהרונג,
„אז דאָס פערקירצט מיר מיינע יאָהרען אַליין,
„ווען זיי פיהרען זיך מיט אַזאַ פיהרונג,
„קען איך, ערד, שוין פיעל ניט שטעהן.

62
„דען די זעלבע זאַך וואָס טרעפט דעם חלק,
„די זעלבע זאַך מוז טרעפען דעם כלל,
„דאָס איז א נאַטור־רעגעל, דיין רעגעל איז הייליג,
„אַזוי פיהרט זיך עס אימער און איבעראַל.

63
„און ווייל דער מענש איז א טהייל פון דער ערד,
„איז די זעלבע איינגענשאַפט ביי ביידען גלייך,
„לעבט דער מענש איינפאַך, ווערט ער ניט אָבגעצעהרט,
„און מיין שאַץ, מיין קאַסע, בלייבט אימער רייך“.

64
„ווען דער מענש אבער וויל צו פיעל געניסען,
„קענען מיר שוין ביידע ניט קומען ווייט,
„מיין זאַפט און זיין קראפט ווערט גלייך ענטריסען,
„וואָס ברייטער געלעבט — איז קירצער די צייט!

65
„פרעג איך דיר גאָט! וואָס בין איך שולדיג?
„וואָס דארף איך ליידען דעם מענשען'ס זינד?

„ווען ער פיהרט זיך ברייט און לעבט אונגעדולדיג,
„מוז איך דען פאַר דער צייט דרום געהן צו גרונד ?“

66
אַזוי האָט די ערד דערלאַנגט די פּראָשעניע,
דורך די מלאכים ביז צו גאָט אליין,
און אַלע וואַרטען אויף דער הימעלשער סצענע,
וואָס פאַר א תשובה דאָ וועט ארויסגעהן.

67
פּלוצלינג האָט אָנגעהויבען אויבען צו טומלען,
אַז אַלע מלאכים ציטערען פון שרעק,
עס האָבען זיך געטרייסעלט אלע הימלען,
אַ פירכטערליכע שטימע איז אין דעם רוים אַוועק:

68
„מיט דער ערד האָט איך א קאָנטראַקט געשריבען,
„גלייך ווי איך האָב אָדם'ען פון גן־עדן פערטריבען,
„בעשטראפט האָב איך איהם פאַר'ן כאַפּען וואָס מען
טאָר נישט—
„איך זעה אבער אויך היינט בעסערט ער זיך גאָר נישט.

69
„בשעת איך האָב דעם מענשען פערפלוכט,
„ווייל ער האָט פון עץ הדעת פערזוכט —
„האָט אויך די ערד פון מיר א קללה בעקומען,
„ווייל פון איהר האָב איך איהם צוזאַמענגענומען.

70
„די ערד מוז ליידען און טראָגען דעם מענשען'ס זינד,
„אויב זיין פיהרונג איז ניט קיין גוטער,
„דער מענש איז דאָך פון דער ערד, הייסט ער איהר קינד,
„פון א צולאָזענעם זוהן, ליידט די מוטער.

71

„איך האָב איהם בעשאפען צו לעבען אין שטילען,
„צו בעאַרבייטען די ערד, דערפון זיך ערנעהרען.
„צו לוקסוס צו איבעריגעס, זאָל ער זיך ניט ציעלען,
„דאן וועט ער ניט וויסען פון שמערצען, פון טרערען.

72

„דאָס וואַר קיין עפּעל וואָס אָדם האָט געגעסען,
„דאָס וואַר די זינד, די לוסט, די בעגיער,
„דרום האָב איך אָדם'ען פערבאָטען צו עסען,
„דען וועלען, גלוסטען, האָט דאָך קיין שיעור.

73

„און די פרויען זיינען פריהער צום לוקסוס געדן,
„זיי האָבען שוין שלאנגען וועלכע רעדען זיי אָן,
„און דריקען דעם מאַן ביז ער מוז זיי הערען,
„ניט ווילענדיג מוז ער טאַנצען אין קאָן.“ —

74

„דאָס פערטרייבט זיי אימער פון גן עדן,
„פון זייער רוהיגען לעבען און שטילען געמיטה,
„זיינען ביידע געבוירען צו שמערצען, צו ליידען,
„און די ערד ליידעט פון זייער זינד אויך מיט.“ —

75

„עס וועט קומען א צייט, איך שווער ביי מיין שטוהל,
„אז עס וועט ניט זיין לעדיג אויף דער ערד אַ שפּאַן,
„דער גאנצער ערד־קוגעל וועט זיין מיט מענשען פול,
„א צעהניאָהריגען מענש וועט מען רופען „אלטער מאַן“.

76

„יעדער דאָרף וועט זיין א שטאָט,
„איבעראל בעזעסען, גאָר אָהן א צאָהל, —

„און פון די באַהנען אָהן אַ סטשאָט,
„וועלען זיין צוגראבען בערג און טהאָל.

77
„וועלדער און מדבריות וועלען זיין פערזעעט,
„דער קאָרן וועט ניט האָבען קיין קלאָק, קיין שפּאָר,
„אויף א מענשען וועט זיך איינטהיילען איין בייט,
„פון דעם צו שפּייזען זיך אַ גאַנצען פולען יאָהר.

78
„האָלץ וועט זיין זעהר הויך געשטיגען,
„קיין הייזער פון האָלץ וועט ניט זיין געבויט,
„שווערער פון גאָלד וועט דאָס זיין צו קריגען,
„דאָס וועט זיך וועגען אויף דעם לויט.

79
„די מענשען וועלען זיין שלאַפע, שוואכע,
„איטליכער דאַר ווי א שטרוי, גרין ווי לויג,
„דאַן וועט די ערד נעדמען ראַבע,
„פון מענשענ׳ס לוקסוס, פון זיין גרויסע אויג“.

80
„די פיעלע דאגות, וואָס זיי מאכען זיך אַליין,
„וועלען זיי אויפפרעסען פון מאַרך ביז אין ביין.
„גרוי פאר דער צייט, קראַנק אויף יעדען אבר,
„און פאר גרויס צרות זיך ווינשען דעם קבר.

81
„דאן וועט ניט בלייבען אויף דער ערד קיין איינער,
„און די ערד אין גאַנצען וועט ווערען פערשוואונדען,
„און פון איהרע אַלטע צושאָטענע ביינער,
„וועלען זיך נייע וועלטען אין הימעל גרינדען.—„

82

אָט די רעזאָלוציע איז אָנגעקומען אויף דעם ערד־באלען;
דאָך געהען זיך די מענשען מיט זייער מעטאָדע,
„מארשאנ־דע־מאָר“ קלערט אוים פאר זיי נייע זשורנאַלען
און דער עולם קליידעט זיך נאָך דער לעצטער מאָדע...

1885

# דער סנדק

א.

„קוואַטער! — שרייט דער שמש — געשווינד!“
„גיכער וויקעלט, דערלאנגט דאָס קינד!“
די שטוב איז שוין מיט מענשען פול,
דער סנדק זיצט שוין אויפ'ן שטול.
זאַמד און פולווער, פאַראַנען אַלעס,
דער מוהל שטעהט שוין געגרייט אין טלית,
פאַראַנען וויין, און אויך אַ בעכער,
וויקעלט דאָס קינד, דערלאַנגט שוין גיכער!

ב.

קוקט בעטראַכט נאָר, אידען אַלע,
די קוואטער זיינען חתן כלה.
ביי אידען שפיעלט מען אַנדערש ליעבע,
מען זוכט זיך נאָר א מצוה סבה,
נעהמט ער דאָס קינד פון איהרע הענד
איז דאָס ראָמאן, די ליעבע ברענט,
אין די כלה'ס בעקלאך איז[1] בלייכע סמנים,
און ביים חתן א פאַרב און פנים.

ג.

וואָס דו ביזט, כלה, בלייך געוואָרען,
דאָס איז גראד ניט קיין חסרון,
האָט איהר נאָר פריהער קיין ראָמאַנסען געטריבען,
וועט איהר זיך שפּעטער בעסער ליעבען,
מעג זיך יענער פון אייך לאכען,
און אין צייטונגג חוזק מאכען,
קוקט נאָר ריכטיג, ריין ערקלערט,
זעהט מען פּראקטיש, פונקט פערקערט.

ד.

טרעפט ביי אידען ווען די סבה
זיך צו שיסען צוליעב ליעבע,
אָדער הענגען, אדער טריינקען,
נאָך אַ מיידעל זיך פערבענקען,
אָדער פריילינס זיך צו נעהמען,
ווייב און קינדער שטאַרק צו קלעמען,
זי ליעבט דעם, ער ליעבט יענע —
אַך! עס גרוילט מיר פון דער סצענע!

ה.

שטעהט ניט, קוואַטער ווי אַ גולם,
גיט דאָס קינד דעם גאַנצען עולם,
טיילט די קישען, פונקט ווי קצבה,
אַלע, אַלע צו דער מצוה,
פון די דעליעס ביז כאַלאַטען,
ביז עס קומט שוין אָן צום טאַטען,
בלייך זיין צורה, ווי געשטאָרבען,
„נאַ דיר גאָט, מיין קינד א קרבן!“

ו.

זאָגט איהם אָן, דעם יונגען טאַטען,
עס וועט חלילה איהם ניט שאטען,
איז נאָר דער מוהל אַ געניטער
און דער מוצץ, און דער דריטער,
און דאָס קינד איצט אַ געזונטער,
פאַלט זשע פאָטער, ניט אַרונטער,
שווער איך אייך איצט בנאמנות:
מ'ל זיין איז גאָר קיין סכנות.

ז.

און דער מוהל פּרובט דעם אינגעל,
האַלט דעם פינגער אויף זיין צינגעל,
האָט קיין זאָרג, זאָל אייך ניט מאַנגלען,
„ביי דאָס קינד, איז ריין די אַנגלען",
שרייט דער מוהל זעהר פרעהליך,
און מיין סנדק ווי דער מלך,
זיצט אויף שטולען, און איז בודק
ביי דער זייט, א פּלאַץ נאָך לעדיג.

ח.

לאָזט אַן־אָרט און בעט מיט בושה
אליהו הנביא צו חברותא,
זאָל ער זעהן, און זיין אַן עדות,
אז די תורה איז אונז קודש,
צייט מען האָט זי אונז געגעבען
גיבען מיר, פאַר איהר דעם לעבען,
אונזער בלוט, פליעסט ווי טייכען
נאָר איהר וואָרט ניט אויסצואווייכען.

ט.

איהר קענט דעם סנדק, וואָס זיצט אין טלית,
עס בלישצעט דאַכט זיך אויף איהם דער דלות,

אָ פּראָסטער אידעל פון דער ווייטען,
מיט א הויקער פון ביידע זייטען,
די פּאות לאַנג, ווי אידישער גלות,
טראַנטעס שלעפּען זיך פון די פּאָלעס,
צו זעהען פון ווייטען דעם שעהנעם חתן
איז ער דאַכט זיך, ניט ווערט א גראָשען.

י.

אָבער רעדט מיט איהם, זעהט איהר א חידוש,
(ניט קיין טערקיש נאָר אין אידיש)
געפינט איהר איהם פאָלקאָם אין אלע פאַכען,
בעזיצט קענטענעס, ידיעות סך־ען,
מאַטעמאַטיק גאָר אויסגעצייכענט
אַסטראָנאָמיע אויך אויסגערעכענט,
פּסיכאָלאָגיע א גאַנצע קוועלע,
הערט ווי ער רעדט פון דער זעלע.

יא.

איבערהויפּט אָיז ער קלאָר אין כאַראַקטערען,
די זיטען פון מענשען צו ערקלערען,
וואָס דאָס איז דער בוך פון דער וועלט,
ווער עס איז אמת און ווער פערשטעלט,
ווער עס איז ריין, פיין, פאַלירט,
ווער עס איז פאַלש און פאַרמאַסקירט,
ווער עס איז אונגליקליך און האָט אלעס,
ווער עס איז גליקליך מיט דעם דלות.

יב.

מענשען מיט זשעני, טרעפט פיעל ביי אידען,
אפילו אונטער שניידער, שמידען,
וואָס זיינען גאָרניט קיין נאַראָנים,
און קענען לעזען אויף איטליכען פּנים,

וואָלט מען זיי לערנען אין די יונגע יאָהרען,
ויאָלט פון זיי באמת מענשען געוואָרען,
דען אין דעם אידען ליעגען פעהיגקייטען,
נאָר דאָס האָבען פערשטיקט זיינע שלעכטע צייטען.

יג.

דען ווער ווערט ביי אידען א בעל מלאָכה,
אַז ער בלייבט אַ יתום, אָהן א משפּחה,
די צייט טהוט איהם דריקען, פּרעסען;
האָט ניט אויף אַ מאָל אָבצועסען;
וזער רעדט פון לערנען, פון אַ חדר,
דאַמאָלס געהט ער ערשט צו אַ שניידער,
האָט ער כאָטש עסען און וואו צו שלאָפען,
טו וואָסער בילדונג איז פון איהם צו האָפען.

יד.

דרום פעהלט ביי אידען מזל ברכה,
ווייל מען שעמט זיך מיט א מלאכה;
וואָלטען מענשען פון שעהנעם שטאַנד
געגעבען די קינדער א פּראָפעסיאָן אין האַנד,
דאצו זיי בילדען, ניט זיין פארגרעבט,
וואָלט די מלאכה גאר אפּגעלעבט,
און די מדינה וואָלט האָבען פון אידען
געבילדעטע שוסטער, שניידער, שמידען.

טו.

נאָר אָט דאָס איז טאקע ביי אידען די צרה,
אַז ווער דער יחסן, ווער דער שררה,
אַלעמען ווילט זיך זיין יחסנים,
ווינשען די קינדער צו זיין רבנים;
האָט זיין פעטער בעקומען סמיכות,
לסוף דער רב לעבט פון צעטעל

טו ווער איז גלייך מיט איהם אין יחוס,
און זיין ציג עסט טעג אין שטעטעל.

טז.

נאָר פעהיגקייטען קען מען אין אידען געפינען,
פערנונפט, פערשטאַנד, אַ געזונטען זינען,
מען קען פון דעם אידען אלעס מאַכען,
ער קען זיין נוצליך צו אַלע זאַכען.
ניט ווי שונאים אויפ'ן אידען זאָגען,
אז ער איז ווי א פינפטער ראָד צום וואָגען, —
ער איז פערפאַלען, ער איז פערדאָרבען,
זיין פערנונפט איז אָבגעשטאָרבען.

יז.

דאָס רעדט מען נאָר הויל פון שנאה,
ער קען זיין נוצליך צו דער מדינה,
וויל מען ריכטיג זעהן די בחינה,
(נאָר אָהן פיינדשאפט און אָהן קנאה)
ווי דורך בילדונג איז דער איד געשטיגען,
טו זעהט אין אויסלאנד, וועט איהר קריגען
מיניסטאָרען און קאנטאָריסטען,
וואָס פיהרען מיט שכל, גלייך ווי קריסטען.

יח.

און דאָ אין רוסלאַנד איז אויך צו האָפען,
נאָר דער איד זאָל ניט זיין פאַרשלאָפען,
ער זאָל די יוגענד ערציהען בעסער,
ווערט דער איד טאָג טעגליך גרעסער.
מיט פריינדליכע אויגען קוקט די רעגיערונג,
ער דאַרף נאָר בעסערען זיין אייגענע פיהרונג,
ער זאָל ניט בייסען, ווען ער זויגט די בריסט,
בעקומט ער זיין רעכט גלייך מיט דעם קריסט.

יט.

נאָר אַנדערע האָבען וועגען אידען א טעות,
מען זעהט אַ הויקער מיט לאַנגע פּאות,
איינגעשמוצט דורך אין בלאָטע,
טראַנטעס שלעפּען זיך פון קאַפּאָטע,
אין דער לאַנדעס שפּראַכע איז ער שטום,
מיינט מען ער איז גלומפּ און דום —
אָט פון דעם סנדק הערט אַצינד,
ווי ער טענה'ט צו דאָס קינד.

כ.

דער זאַל איז גרויס, דער עולם אַ געפּאַקטער,
פון דעם רב ביז דעם פאקטער,
פון דעם קרעמער ביז דעם בעל מלאכה,
פריינד און קרובים, און די גאַנצע משפּחה,
און די איזבאָרשציקעס פון דער קהילה —
געקומען אַלע צום ברית מילה.
דער מוהל שטעהט שוין מיט דעם מעסער גרייט,
דער סנדק שרייט: „אַ ווײלע שטעהט!"

כא.

דער עולם בלייבט שטעהן שטאַרק פער'חידוש'ט
אַ נייס? אַ הודעה, איידער מען אידישט?!
דאָך בלייבט מען שטיל שטעהן מיט בושה,
פּונקט ווי אין שול צום חזנ'ס קדושה,
דען דער סנדק איז זיי גוט בעקאנט
פאר אַ קלוגען מענשען מיט פערשטאַנד,
מען קומט צו איהם שטענדיג עצות פרעגען
און זיינע ווערטער מוז מען וועגען.

## כב.

רבותי! זאָגט דער סנדק, איך בעט אייך מחילה,
מיר ווילען דאָ אַ ווײַלע אויפהאַלטען די מילה,
אַ יושר פריהער דאָס קינד מסביר צו זיין,
אין וואָס פאַר א וועלט ער קומט דאָ אַריין;
הגם דאָס קינד וועט דאָ וועניג פערשטעהן,
איך מיין אָבער מעהר אייך, ווי דאָס קינד אַליין,
אגב זאָל דער פאָטער דאָס הערען ביי'ן בליהונג,
פיליכט וועט דאָס ווירקען צום קינד'ס ערציהונג.

## כג.

דו נייער גאַסט! דו אונשולדיגעס קינד!
אָיך בעדויער זעהר דיין קומען אַצינד.
עס דוכט זיך דיר אָב, עס שטעלט זיך דיר פאָר,
אַז דו קומסט דאָ אויף אַ וועלט, לויטער און קלאָר,
ווערסט דאָ געפינען מלאכים, וואו דו ווערסט זיך קעהרען,
אונשולדיגע מענשען מיט ריינע כאַראַקטערען,
איינער מיט'ן צווייטען לעבען פריינדליך און גוט,
מען וועט דיר ליעבען, ווי די איצטיגע מינוט!

## כד.

די זעהסט אַלע טוליען דיר צו זיך,
ווײנסט עטוואָס, שטילט מען דיר אויף גיך,
מען גיט דיר זויגען, מיט'ן גרעסטען פערגעניגען,
מען קושט דיינע גלידער, מען זינגט דיר אין וויעגען,
מען וויקעלט, מען באָדט דיר, מען ליעבט דיר ווי דעם
לעבען,
וואס דו ווינשט אויפ'ן וואונק וועט אל'ץ דיר געגעבען
דיין מוטער בעגיסט דיר מיט איהרע הייסע טרערען,
מיינסט דאָס וועט אייביג אזוי געוועהרען?

## כה.

ביזט געלעגען ביז יעצט אין בויך ווי אין תפיסה,
חושך, פינסטער, קיין לופט קיין פרישע,
דער קאָפּ צו די פיס, געבויגען אין דרייען,
די מויל פערשטיקט, קיין אָטעם קיין פרייען,
פּלוצלונג דערזעהסטו אַזאַ ליכטיגע וועלט,
דיין מויל איז שוין אָפען, די שיין ניט פערשטעלט,
אַ לויטערען הימעל, פול מיט ליכטיגע שטערען,
מיינסטו, אז דיין גליק וועט אייביג געוועהרען?

## כו.

ניין מיין קינד! זייַ ניט אין טעות,
איך זאָג דיר דעם אמת, גאָר אָהן המצאות,
אַז די וועלט איז אַ ים גרויס און ברייט,
וואָס איז פול מיט צרות, מיט מאַנגעל, מיט נויט,
און ביז דיין שיפעלע וועט קומען צו אַ ברעג,
גאָט ווייס, ווי דיר וועט דאָ געהן די וועג,
דען אַ רגע געהט, כמעט ניט אַוועק,
וואו מען האָט ניט פערדרוס אָדער שרעק.

## כז.

דען אַלע מינוט שווימען אונטער וואַלען,
אַז דאָס שיפעלע מיינט, זי איז שוין פערפאַלען,
און דאָ איז פינסטער, מען זעהט ניט קיין שטעג,
דען דער שכל בעלייכט ניט ביז צום ברעג,
מען זעהט ניט אפילו אויף איין טאָג רייז,
פון איין צרה ניט אַרויס, די צווייטע איבער נייס,
מען וויל זיך שוין דערנאָך שיפען צוריק,
איז מען אָבער ווייט פון ברעג אַ שטיק.

## כח.

פונקט ווי א אינגעל האָט זיך פערגניגען,
שטעהט זומער ביים פענסטער און כאַפּט פליעגען,
אנדערע דערדריקט ער, קוועטשענדיג אין האַנד,
נאָר די לעבעדיגע לאָזט ער אַריין באַנאַנד
אין א גלאָז מיט וואַסער, פול אָנגעגאָסען,
זיי צאַפּלען זיך נעבעך מיט די גרעסטע פערדראָסען,
זיי ראנגלען זיך מיט די פיס, מיט די הענט,
צוצוקומען צום גלאָז, איז אָבער גליטשיג די ווענט.

## כט.

די וועלט איז צו א גלאָז מיט וואַסער גלייך,
פאר אונז פליעגען זעהט דאָס אויס א טייך,
די צייט וואַרפט אונז איינציגווייס אַהער אַריין,
געווים מוז דאָס ביי איהר אַזאַ שפּיעלכעל זיין.
גוט איז דעם, וואָס זי קוועטשט יונגערהייט,
אָט האָט ער אָהן מיהע בעקומען דעם טויט,
מיר וואָלטען אויך אַזאַ טויט וועלען,
הייסט זי אָבער אונז פריהער זיך מאַטערען, קוועלען.

## ל.

מיר צאַפּלען זיך נעבעך מיט אַלע אברים און גלידער,
מיר מאַטערן זיך נעבעך אָבער און ווידער,
מיר ראַנגלען זיך נעבעך קרעפטיג אָון היציג,
מיר קומען צום וואַנט, עס איז זעהר גליטשיג,
אַן אַנדערער האָט שוין דאַכט זיך, באַלד דעם גליק,
קומט צו געהן די צייט און בלאָזט איהם אַריין צוריק,
אזוי צאַפּעלט מען זיך ביז מען בלייבט אָהן געזונד,
ביז מען ווערט דערטרונקען און מען פאַלט אויפ'ן גרונד.

## לא.

פערשטעהסטו מיין קינד! אָט דאָס איז די וועלט,
וואָס דיר האָט זיך אהערצו קומען פערוועלט!
מען זעהט ניט אָן אַ מינוט אַ רוהיגע, אַ פרייע,
אַלע ווייל'ע קומען קראַנקהייטען נייע:
אַ פיבער, אַ טיפוס, אַ רעמאַטיזם, ווענעריע,
לונגען־פעהלערען, בלוט־שטירצונג און כאָלעריע,
און טויזענדער קראַנקהייטען, מיט די נעמען אַלערליי
און לעגען מענשען, קאָשען, ווי היי.

## לב.

אַזוי געהען די קראַנקהייטען פון שטאָט צו שטאָט
און טויטען מענשען אָהן א שיעור און אָהן צאָהל,
וואָס בעטרעפט דען ביי זיי פילאָזאָפען, קענער,
חכמים און קינסטלער, די גרעסטע מענער,
זיי שעצען קיין גרויען, צערטליכע, שעהנע,
זיי זעהן ניט די טרעהרען, פון קינדער קליינע,
צוהאַקען, צולעגען גאַנצע געזינדען,
צוקאָסען, צושניידען, פון פאָרנט און הינטען.

## לג.

דאָ שטאַרבט א פאָטער אָהן א טאָלק אָהן אַ לאר,
די קינדער בלייבען אויף אייביג נע ונד;
דאָ שטאַרבט א בן יחיד, די טרייסט פון שטוב,
די מוטער, אָט זי לעגט זיך מיט איהם אין איין גרוב;
דאָ לעגט מען א כלה אין פינסטערען קבר אַריין,
מאָרגען האָט דאָס געזאָלט איהר חתונה זיין;
דאָ געפינט א קעניג'ס זוהן אין קבר זיין מנוחה,
וואָס איז געווען בעשטימט צום קרוין, צו מלוכה.

דאָ זיינען דריי קינדער ביי א פּאַטער געשטאָרבען,2)
איצט טראָגט ער דעם לעצטען, פאר'ן טויט אַ קרבן,
און דאָס האָט טאַקע ניט לאַנג געטראָפען,
אַז דער פּאַטער איז פון צער פון שטאָט אנטלאָפען;
פיער קינדער האָט ער געהאַט, און וואָסערע שעהנע,
קלוגינקע, פיינינקע, ציכטיגע און ריינע —
אין פינף טעג פערברענט זיי דער פּלאָם
און דער פּאַטער בלייבט, ווי אַ ברעט אויפ'ן ים.

לה.

און היינט שווימט ער אין א פרעמדער שטאָט הערום
פונקט ווי וואנזיניג קוקט ער אומעטום,
אויף יעדעס קינד בייגט ער צו דעם קאָפּ
טאָמער איז דאָס זיינס דוכט זיך איהם אָפּ,
און אַז ער בעטראכט, אַז עס איז ניט זיין,
געהט ער אומעטיג צוריק אין שטוב אַריין,
דאָרט שלאָגט ער זיך קאָפּ אָן דער וואַנד,
ער מיט די פאַרוואָגעלטע מוטער באַנאַנד.

לו.

ביז ער פאַלט פון טרויער און ווערט ענטשלאָפען,
די קאָפּ פערוואָרפען, די אויגען אָפען,
אין שלאָף זעהט ער, ווי איין קינד איז קראַנק,
דאָס צווייטע ליעגט אין תכריכים אויפ'ן באַנק,
דער גלאָצט מיט די אויגען, עס ציהט איהם די הויט,
די פערטע ראַנגעלט זיך, מיט'ן פירכטערליכען טויט,
דער פּאַטער וואָלט וועלען רעדען צו זיי,
פערקוועטשט איהם דאָס הארץ זייער לעצטער געשריי.

לז.

אַזוי האָט דער פּאַטער קיין נאַכט און קיין טאָג,
זיין פרעהליכע געזיכט איז היינט פול מיט קלאָג,

ער זוכט נעבעך, ער בעט דעם טויט דעם ריינעם,
צו ליעגען אין קבר מיט די קינדער אינאיינעם,
נאָר די בקשה ווערט אויך ניט געהערט,
ווייל ער וויל, איז דוקא פערקעהרט,
מען פערגינט איהם ניט דעם טויט שוין זיין אַ קרבן,
בעסער זאָל ער לעבען, איז ערגער ווי געשטאָרבען.

לח.

נאָר מיט דער ריינער וואַרהייט צו געבען אַ קלעהר,
איז ער נאָך ניט איינער, פאַראַנען פיעל מעהר,
מיט ערגערע צרות, מיט גרעסערע נויטען,
מיט מעהרער אונגליקען, מיט שווערערע טויטען,
וואָס ער איז געגען זיי, ווי אַ ליכט געגען פלאַם,
ווי אַ טראָפּען וואַסער געגען דעם גרויסען ים —
פערשטעהסטו, מיין קינד, אָט דאָס איז די וועלט,
וואָס דיר האָט זיך אהערצו קומען פערוועלט.

לט.

וואַרט מיין קינד, עס איז נאָך ניט גאָר,
וועסט ווערען עלטער וועסטו ווערען געוואָהר,
אַז עס איז דאָ אויף דער וועלט אַזאַ שטיקעל פּאַפּיער,
וואָס זי גיט עס די נעמען: אָרעם און גביר;
זי מאַכט גרויס און קליין, חכמים פאַר משוגע,
ממזרים פאַר יחסנים, שוטים פאַר קלוגע,
וועלכע זי ליעבט, ווערען געשטיגען,
וועלכע זי האַסט, פאַלען ווי פליעגען.

מ.

און אַלע מענשען יאָגען זיך נאָך איהר —
נאָך די קליינע שוואַכע, שטיקעל פּאַפּיער —
און צוליעב איהר איז גאַנצענע טעג
קריג און זלזולים, קלעפּ און געשלעג,

צוליעב איהר איז גניבות, די גרעסטע רמאות,
זי איז די פריטשינע פון אַלערליי רעות,
אַז די וועלט פּאַסט צו אַ טייך גלייך צו זיין,
איין פיש שלינגט דעם אַנדערען איין.

מא.

זי איז די מוטער פון קנאה, פון שנאה,
צוליעב איהר איז פּאָליציעס אין יעדער מדינה
צוליעב איהר הרג'עט איינער דעם צווייטען,
צוליעב איהר איז טורמעס, אַרעסטאַנטען אין קייטען,
צוליעב איהר טראָגט יענער אַ מאַסקע פון פרום,
די אויגען פערגלאָצט, די פלייצע איז קרום,
און דאָס רוב פערמאַסקירען זיך נאָר צוליעב איהר
רק אויסצונאַרען ביים צווייטען די שטיקעל פּאַפּיער.

מב.

ווערט ווערען גרעסער, ווערט געהן אויפ'ן גאַס,
ווערט זעהען רעדלעך מענשען מאַכען א רעש,
הוזשען ווי ביהנען און לויפען הערום,
קולות, געשרייען, עס רוישט אומעטום,
דער לויפט אויפ'ן טאָרג, דער געהט מיט אַ משא,
דער לערנט מיט א אינגעל, חומש מ׳ט רש״י,
דער פליהט פּאָטשט, דער שווימט אויפ'ן פּראָם,
דער קלאפּט מיט אַ האַמער, דער שטעהט אין אַ קראָם.

מג.

דער געהט מיט אַ האַק, דער אַ רעדעל דרעהט,
דער שרייבט אַ ספר, דער זיצט און געהט,
דער פיהרט חשבונות, דער פאָהרט אויף אַ פוהר,
דער ווייזט מאגיק, קונצען פון נאַטור,
דער זאָגט אַ פּרעדיגט, דער זינגט אין כאָר,
דער שפּיעלט אויפ'ן פיעדעל, דער איז אַן אקטיאָר; —

און נאָך טויזענדער זאַכען, איז אַלץ צוליעב איהר —
דאָס טהוט מען נאָר צוליעב די שטיקעל פּאַפּיער.

מד.

דען דער לעבעדיגער מענש איז זעהר געזונט,
ער דאַרף עסען, א שוך און אַ קלייד,
ער דאַרף אַ דירה און אַלץ וואָס צום לעבען,
און אָהן די מזומנ׳ע ווערט קיין זאַך ניט געגעבען,
דרום פיהרט זי די וועלט פאַר׳ן נאָז,
אַ מענש אָהן איהר איז ניט ווערט אַ בלאָז,
דרום אַלע פּאָדלאסטען קומט נאָר דורך איהר,
דען יעדערען ווילט זיך די שטיקעל פּאַפּיער.

מה.

כל זמן דו ביסט יונג איז נאָך אַלץ נישט־קשה,
דאַרפסט ניט קיין געלט, דאַרפסט קיין פּרנסה,
ועסט ווערען עלטער, ועסט ווערען גרעסער,
ועסט זיך ווועלען כאַפּען, פאר א שאַרף פון א מעסער,
דען אָהן געלט איז דאָ פּראָסט ניט קיין וועלט,
אַלע וועגען וועלען פון דיר זיין פערשטעלט,
און וועלכען געשעפט ועסט וועלען טהאָן,
האָבען שוין אַנדערע פערכאפּט פון פריהער אָן.

מו.

צו שפּעט, מיין קינד! ביזטו אהער געקומען,
אַלע געשעפטען האָט מען שוין פריהער פערנומען,
ווילסט אפשר א קרעמער פון שניט ווערען,
איז שוין דאָ קראָמען, ווי אין הימעל די שטערען,
פון אַלע פענסטער האַקט מען טהירען דורך אויס,
מען בעצאָהלט נאָך דעם וױרטה אויף דריי יאָהר פאָראויס,

מען פערליערט דאָס געלט, מען בלייבט אביונים,
דען עס איז דאָ מעהרער קראָמען, וויפיעל קונים.

מז.

נו, ווילסט אפשר גאָר אַ פאדראטשיק ווערען ?
דאָס איז נאָך ערגער, מוז איך דיר ערקלערען!
דען אַ ליאַדע קבצן געהט היינט אויפ'ן טאָרג,
אַ קאָנווערט מיט זאלאָג לייהט ער אויף באָרג,
דען מען שפּיעלט אין סטראַשאַק, ביי היינטיגער וועלט,
מען מיינט ניט דעם פּאָדראד, נאָר די אָבטרעט געלט,
און אָבטרעט געלט טהיילען, פאר אלעמען זיין יוצא,
קען ניט סטייען די חלה אויף המוציא.

מח.

ווערסט אפשר גאָר וועלען ווערען אַ בעל מלאכה,
וועלען זיך מיט דיר שעמען דיין אייגענע משפחה,
הגם בעלי מלאכות, דאָ אין דער פערצייטיגער ליטאָ,
איז דאָפּעלט פיעל דער שיעור אין יעדער כיתה,
איינער שלינגט איין דעם אַנדערנ'ס ביסען,
פון מויל ווערט עס אַרויסגעריסען;
די נייע בעלי מלאכות זיינען פיעל מכלה מקח,
דען, פאַרוואָס דעם קיין ברויט, דעם צווייטען לעקאך.

מט.

ווילסט אפשר גאָר א רב אין אַ שטעדטעל ווערען ?
זאָג איך דיר, זאָלסט גאָר דערפון ניט קלערען!
דען אַלע פּעלצלאך, און אלע קאַבציבייקעס,
אַלע באַראָנקאָווע קוצמעס, מיט אַלע קרייקעס,
פיעל עס געפינען זיך אין דער קהילה,
זיינען אויף דיר בעלי בתים, די ווייבער אויך אפילו,
דעם רשע ביי אַ דין, מוזטו אויך גערעכט געבען,
ווען ניט האָסטו שוין ניט פון וואַנען צו לעבען.

נ.

און צו וואָס פאַר א געשעפט דו כאַפּסט זיך אַ פריהער
זיינען שוין פערלאָפען קליגערע פון דיר,
מעגסט קלערען און טראַכטען, די נייסטע המצאות,
האָט מען אַלץ פערכאַפּט, נאָך מיט מעהר רמאות,
סיידען וואָס מען טאָר ניט ווערסטו זאָגען מען מאג —
חלילה, ברודער! פּאָליציע, אָסטראָג!
טו וואָס האָט דיר געפעלט אין דיין רוהיגען געצעלט,
וואָס האָט דיך געלוינט צו קומען אויף דער וועלט?

נא.

היינט ווערסטו געפינען פערשיידענע סעקטען,
וואָס יעדער ווייזט דיר זיינע פּראָיעקטען,
ביז דריי כיתות געפינסטו אונטער אידען,
וואָס איטליכע איז מיט איהרע דעות פערשיעדען,
וואָס יעדערער וועט דיר רק ציהען צו זיך,
יעדער וועט שרייען: „מיין קינד, פאָלג מיך“,
און פון איטליכען ראיות, ווי טייכען פליעסט,
אַז ער איז דער ג א ה, דער צווייטער דער נ י ש ט.

נב.

דער חסיד וועט דיך ציהען צו זיינע חסידות,
וועט רק דערצעהלען, פון רבי'ן אַ נייעם חידוש,
וואָס משה האָט געוויעזען אין מצרים פאַר אונז
איז דאָס היינט ביים רבי'ן אַ קינדערשער קונץ,
וואָס אליהו האָט מחייה געוועזען א מת,
וואַלגערט זיך היינט ביים רבי'ן דער נס,
און אַלע נסים פון תנאים, אמוראים,
דערצעהלט מען אויפ'ן רבי'ן גרעסערע פלאים.

נג.

דער רבי האָט געריסען פון הימעל אַלע ווײַלע
דורך מיכאל און גבריאל און גאַנץ שרי מעלה,
ער פיהרט דין־תורות מיט׳ן ס״ם דעם ניט־גוטען,
פאר וואָס ער לאָזט ניט צו אידען צו אַלעם גוטען;
דעם מלאך רייסט ער אָב אַ פליעגעל, דעם א פאה,
וואָרום ער האָט אין הימעל די ערשטע דעה,
היינט רוחות שדים, כת־לצנים, מזיקים
וואַלגערען זיך אין פירהויז ביי די צדיקים.

נד.

נאָר אויסער דעם ווערט ער דיר וויזען,
אַז זיי האָבען עולם הזה מיט טרינקען מיט שפּייזען,
מען עסט, מען טרינקט, מען הוליעט, מען שפּרינגט
טאָג ווי נאַכט,
דורך אין יום טובים ווערט די צייט פערבראכט;
שלמה׳לע האָט יאָהר־צייט, מוז ער שטעלען תיקון,
זרח׳ס ווייב געהט טבילה, מוז ער נאָך בראָנפען שיקען,
דער קויפט אַ נייע בעט, דער אַ נייע וויעג,
ביי חאצקעלען האָט זיך געציקעלט אַ ציעג,
דער געווינט אַ קעז, דער פון רבי׳ן א געריס,
וועד שמועסט א חתונה, א שלום זכר, אַ מזל טוב, אַ ברית.

נה.

דער מתנגד וועט אָנרעדען אויף זיי כל הרשעות,
ער וועט זיי שילטען מיט אלערליי מיתות,
ער וועט דיר ווייזען מיט אלע ראיות,
אַז זיין גלאָצען מיט די אויגען איז פאַלשע הויות,
עס איז אסור מיט זיי זיך צו זיין מתחתן,
ער האָט דאָס אליין בצואה פון זיין טאַטען,

און ער וועט דיך בעטען צו זיך אין כיתה,
וועסטו באַלד דערזעהן אַ סעקטע אַ דריטע.

נו.

די דריטע שרייט: ברידער עפענט די אויגען,
פאר וואָס זאָלט איהר וועלען אַלע חכמות פערבויגען,
ביז ווי לאַנג וועט איהר זיין צו שפּאָט און צו שאַנד,
ביז ווי לאַנג וועט איהר זיין ווי גרים אין לאַנד,
פאר אַלעמען איז שוין טאָג, אַוועק שוין די נאַכט,
און דו האַלסט נאָך די אויגען פערמאַכט,
אַלע פעלקער זיינען שוין פון שלאָף אויפגעשטאַנען
און דו, איד, שלאָפסט נאָך, — אַ סוף! ביז וואַנען?

נז.

ביז יעצט איז געוועזן אויף דער וועלט א מבול
פון שנאת הדת, דער פירכטערליכער מחבל,
האָט איינער ניט געגלויבט אין יענעמס רעליגיאָן,
האָט מען איהם געטרונקען, אַלע מיתות געטהאָן,
דער איד האָט זיך געבויט אַ תבה פון אמונה
און האָט זיך פארשפּאַרט ווי נח אין קונע;³)
עס מעג זיך דער מבול נאָך גרעסער זיין,
„צו מיר אין תבה וועט דאָס ניט אַריין!"

נח.

פון מאָראַל, פון מידות, די בעסטע אויסגעקליבען,
אריינגענומען אין תבה פון איטליכע צו זיעבען,
פון אַלטע פילאָזאָפען, זייערע דעות אויף קלאָר,
אריינגענומען אין תבה, צו איינציגע פּאָר;
די תבה סטרויעט ער אויך אין דרייערליי דירות:
תנ״ך, און תלמוד, און קבלה מיט די ספירות,
פון האָפענונג מיט בטחון זיך א פענסטער געמאַכט,
דאָס זאָל איהם בעלייכטען זיין פינסטערע נאַכט.

נט.

און דאָ ווערט דער מבול אַלע טאָג גרעסער,
פון פאַנאַטיזם מיט שנאה שטאַרקט זיך דער קשר,
דער פאַנאַטיזם פון אויבען פליייצט און גיעסט,
די שנאה פון אונטען שטראָמט און פליעסט,
פערפליייצען, פערגיעסען אַלע הייזער און פעלדער,
פערשטראָמען, פערפליעסען אַלע בערג און וועלדער,
און דאָ איז די קנאה צו די שנאה אַ ברודער,
און דאָ האָט די תבה קיין זעגעל קיין רודער.

ס.

פאלשע בלבולים, וואָס ניט געשטויגען ניט געפלויגען,
האָבען פיעל מאָל די תבה צום שטראָם צוגעבויגען,
אַז עס געהט א מגפה אויף אידען מיט קריסטען גלייך,
זאָגט מען, אַז דער איד ווארפט סם אין טייך,
דאָ ווארפט מען אַ טויטען צו אַ אידען אין חדר,
בכן דאַרפען אידען בלוט צום סדר,
אַזוי געהט מען, מען שניידט, פון לאַנד צו לאַנד,
גאָט׳ס נאָמען אין מויל און א שווערד אין האַנד.

סא.

נאָר, אַז די פינסטערע יאָהרען זיינען שוין אַוועק,
אראָפּ שוין די שנאות, סכנות און שרעק,
דער וואַסער, דער מבול, איז שטילער געוואָרען,
די פעלקער בערוהיגט, געשטילט שוין דעם צאָרן,
די קעניגע אַלע האָבען געקריגען רחמנות,
מען שיצט שוין דעם אידען פון אַלע סכנות,
איז אַרויס אן אוקאַז פון דער מלוכה
דעם אידען מיט זיין תבה צו געבען מנוחה.

סב.

מען זאָל מאַכען די שולען פאר אָרעם און רייך,
דער איד זאָל זיך בילדען מיט אַלעמען גלייך;
מיט אַלע נאַציאָנען זאָל ער גלייך זיין אין שטאַנד
צו שטימען אין געזעלשאפט, מיט די פעלקער אין לאַנד;
דעם פענסטער פון האָפענונג מאַכט אייך אָפען!
גענוג שוין צו ליעגען אין תבה פערשלאָפען;
אָט דאָ האָט די תבה צו אַ באַרג צוגעשוואומען
און דער איד האָט זיך באַלד צו בילדונג גענומען.

סג.

נאָר ווער עס האָט דורכ'ן פענסטער ארויסגעשיקט די קראָע
מיט די שלעכטע מדות, מיט די פעדערען די בלאָע,
זי האָט געווים קיינע נוצען געבראכט,
נאָר שטענדיג פאר זיך, פאר איהר פערגעניגען געטראכט;
ווער עס האָט אָבער די טויב אַרויסגעשיקט אין מיטען,
מיט'ן פיינעם כאראקטער, מיט די עדעלע זיטען,
פון איהר האָט שוין דער איד נוצען געהאט,
זי האָט שוין געבראכט אין מויל אַ בלאַט —

סד.

פאר די פעלקער דעם אידען אין צייטונג פערטהיידיגט,
דעם אידען אין שול מיט דרשות געפּרעדיגט,
און אַנדערע האָבען ביכער אין רוסיש געשריבען,
די שנאה פון אומות אויף אייביג פערטריעבען.
געוויזען, אז דער איד נוצט זעהר צום לאַנד,
ער האָט פעהיגקייטען, פערנונפט, פערשטאַנד,
דער פאָהרט אין סאוולאָן, ברייננגט דעם אמת הערוים,
דער בעשרייבט עלילות דם, ווי עס איז פאַלש דורכאוים.

סה.

דער לערנט אסטראָנאָמיע און מאַכט אידען עהרע,
בערעכענט אין די מילך־שטראסע, די לאנגע די שווערע,
טויזענדער פּלאנעטען מיט זייער גאנג און גרויס
און בעקומט פון אַקאַדעמיען דאַנקען דורכאויס,
דער דערגעהט מוזיק, שרייבט אָפּערען און נאָטען;
„ראָבערט דער טייוועל", „אפריקאנקע", „היגענאָטען",
מאכט אידען עהרע און לאָזט פאר זיינע נאכקאמען
מיליאָנען געלט, אייביגען גליק, אַן אונשטערבליכען
נאָמען.

סו.

דער שטודירט אויס דאָקטאָר און האָט חיונה בשופע,
דער שטודירט יוריסט און שטייגט אויף אַ גרויסע שטופע,
דער פון קאָנסערוואַטאָריום ווערט אן אַרטיסט אין
טהעאטער,
דער איז אסאָבענע פּאָרוטשעניע ביים גענעראל
גובערנאַטאָר,
דער איז אַן אינזשינער, דער א דירעקטאָר,
דער אַ ראַבינער, דער אַן אינספּעקטאָר,
דער א צענזאָר, דער א קאמערציסט,
דער אַ לעהרער, דער אַ טעלעגראפיסט.

סז.

און אלע האָבען, אי זיך גוטעס געטהאָן,
אי גוטעס צו זייער נאַציאָן,
אַלע בעשיצען דעם אידען, מיט'ן מויל, מיט'ן פּען,
וואָלטען וועלען פון דעם אידען נאָר נחת זעהן;
דען זיי פערנעהמט פאר'ן הארצען דעם אידענס ירידה,
זיין דלות, זיינע בזיונות, זיין נידעריגע מדה,

וואָס דער איד אַליין איז שולדיג דערינען,
זיין נאַרעשע אויפפיהרונג, זיין פערדרעהטער זינען.

סח.

בכן שרייען זיי: עפענט די אויגען,
פארוואָס זאָלט איהר וועלען בילדונג פערבויגען,
ביז ווי לאנג וועט איהר זיין צו שפּאָט, צו שאנד,
ביז וואנען וועט איהר זיין ווי גרים אין לאנד,
פאר אַלעמען איז שוין טאָג, אַוועק שוין די נאַכט,
און דו איד האַלסט נאָך די אויגען פערמאכט;
אַלע פעלקער זיינען שוין פון שלאָף אויפגעשטאַנען,
און דו איד שלאָפסט נאָך, א סוף! ביז וואַנען?

סט.

פאר וואָס זאָלסטו איד! די בילדונג פעראַכטען?
נעהם דיינע ספרים, מאָגסט גוט זיי בעטראכטען,
האָבען דען די סנהדרין ניט געקענט פיעל שפּראכען?!
האָבען זיי דען ניט געלערנט קענטענים סך'ן?
און דיינע תנאים, וואָס זיי פלעגען זיצען
אין קעניגליכע הויפען דיך צו בעשיצען,
און דיינע גאונים און דיינע רבנים
האָבען דען ניט גערעדט מיט מלכים פּנים אל פּנים?

ע.

אָט דאָס איז די טענה פון די דריטע כיתה,
דיר וועט שוין געווים, געפעלען די שיטה,
געפינט זיך אָבער ביי זיי אזעלכע לייט,
וואָס זיינען צו פיעל אַריבער פון אַנדער'ן זייט
און זיינען פון תבה ארויס אין גאַנצען,
פערברייגען די צייט אויף הוליען, אויף טאַנצען,
אויף שפּיעלען ראָמאנסען, אויף שפּרינגען ווי די בעק,
אַזוי ווי דאָס איז נאָר פון בילדונג דער צוועק.

## עא.

אַז ער קען רוסיש ווי אויפ׳ן שפּיץ מעסער,
מיינט ער, ער איז שוין פון סאָקראַטעס׳ן גרעסער,
העברעאיש פערהאַסט, די תאוה געקושט,
זיין מיינונג שטימט צו, וואָס די האַרץ געלוסט,
ווערט אן איינגעהער, וואו א מיידעל איז נאָר אין הויז,
פייפט א קאַדריל און מעקעט אויף פראַנצויז,
און בלייבט א טויגעניכטס, און רופט זיך גאָר ניהיליסט,
איז קיין הידע, קיין טערק, קיין איד, און קיין קריסט.

## עב.

און ווי דו ווערסט דערזעהן די סעקטע די נייע,
וואָס פאַר זיי איז אַלץ הפקר, אַ וועלט אַ פרייע,
וואָס זיי לאַכען אויס פון אַלערליי כיתות
און בויען פאַר זיך, גאָר אַנדערע שיטות,
ווערסטו זיך אָבטרייסלען, דיין הויט וועט ציטערען,
און ווערסט בעדויערן דעם אידענ׳ס מזל דעם ביטערן,
דו ווערסט איהם בעגיסען מיט דיינע הייסע טרערען
און ווערסט אַליין ניט וויסען, וואו זיך צו קעהרען.

## עג.

קעהרען זיך צו דעם, וואָס האנדעלט מיט מלאכים,
איז עפּעס צו גרויס אויף א מענשען די שבחים;
און ווי קומט קאַראַטען, צו אַ גוטען אידען?
א צדיק דאַרף זיין מיט ברויט אַליין צופריעדען!
און פאָלגען דעם חברה־מאַן מיט זיינע פּלאַנען,
טאַנצען מיט מיידלאַך און שפּיעלען ראָמאַנען,
האָט זיך מיר דאָס קיין מאָל ניט פאָרגעשטעלט,
אַז עס זאָל אזוי זיין גאָר הפקר די וועלט.

עד.

נאָר אויף אונזער וועלט זיך צו פיעל צו קליגען
גיט דאָס אויך אַ קנאַפּען פערגניגען;
צו פיעל עפּענען די אויגען איז אַ גרויסער חסרון,
דען דאַן ביסטו אונגליקליך אויף דיין ביסעל יאָהרען,
דען ווי נאָר עס פאַלט דיר אַריין אין זינען
צו זוכען חכמה, און גאָר צו געפינען,
און אויב אָהן אמונה קומט זי צו דיר אָן,
ביסטו שוין פערפאלען, פאַרשפּילט שוין דיין קאָן.

עה.

דען ווי דו נעהמסט נאָר טראַכטען אַ ביסעל העכער,
ווילסט שפּרינגען מיט'ן שכל איבער די דעכער,
דאָרטען וואו דער שכל קען ניט גרייכען,
דאָרטען וואו ביים גרענעץ שטעהט א צייכען,
אַז ביז דאַנען איז ערלויבט, שטעהט דאָרט ערקלערט,
און ווייטער צו געהן איז דעם מענשען פערוועהרט,
און דו וועסט ניט פאָלגען, נאָר דעם גרענעץ אריבער,
זאָג איך דיר, מיין קינד, דו פיהרסט זיך איבער!

עו.

אָט דו חכמה! דו פער'סמ'טער קוואַל,
ביזט שלעכט ווי דער טויט, ביזט ביטער ווי גאַל;
זעהסט אויס פון ווייטען אזוי ליעב, אזוי שעהן,
דיין וואַסער — ווי קלאָר, דיין קוועלע — ווי ריין,
דער מענש איז דאָרשטיג, עס טריקענט זיין גומען,
ער וואָלט וועלען פון קוואַל צום אמת צו קומען,
ליופט ער דיר טרינקען, מיט געשמאק, מיט טעם,
בלייבט ער פערגיפטעט, פון דיין שעדליכען סם.

## עז.

ער בלייבט פערגיפטעט, אונמעגליך איהם צו רעטען,
אמונה און האָפענונג מוזען אויך אָבטרעטען;
אָט די צוויי מלאכים, וואָס פאר אונז שוועבען,
וואָס זיי פערזיסען אייביג אונזער ביטערען לעבען,
וואָס דער מענש קוקט אין זיי, ווי אין אַ שפיעגעל,
וואָס זיי ווייזען אין צוקונפט גילדערנע ציגעל,
און אַז זיי ענטלויפען, וואָס בלייבט איהם איבער?
אַ פערוואונדעטע הארץ, וואָס דער טויט איז ליעבער.

## עח.

עס בלייבט איהם דער צווייפעל, וואָס גלויבט ניט קיינעם,
וואָס פערדאַגט טרייהייט מיט ליעבע אין איינעם,
ווען די פרוי אויף ליעבע מיט שבועות שווערט,
איז ער רק אין צווייפעל, טאָמער פערקעהרט,
ווען זיין פריינד קושט איהם, פאַלט אויף זיין האַלז,
איז ער רק אין צווייפעל, טאָמער איז פאַלש; —
טו ביי וועמען זוכט מען א טרייסטונג היינט
אהן אמונה, אָהן האָפענונג, אָהן גוטע פריינד?

## עט.

און די צייט טהוט איהרעס, זי בייט זיינע גליקען,
דאָ לאָזט זי איהם פריי, דאָ וויל זי איהם דריקען,
דאָ הויבט זי איהם הויך, דאָ וואַרפט זי איהם אַניעדער,—
טו וואו נעהמט מען אַ טרייסטונג? אַ פריינד? אַ ברודער?
איידער אַזאַ לעבען איז גלייכער דער טויט,
זיי צו שטאַרבען אלע טאָג לעבעדיגערהייט, —
טו וואָס האָט דיר געפעלט אין דיין רוהיגען געצעלט,
וואָס האָט דיר געלוינט צו קומען אויף דער וועלט?!

### פ.

איך פערשטעה, יונג קינד, דיין לשון דיין שטומען;
ענטפערסט מיר, אז אַליין ביזטו ניט געקומען,
נאָר דיינע עלטערען האָבען דיך געבראכט,
אז די וועלט איז אַזוי שלעכט, האָסטו גאָר ניט געטראַכט,
נאָר ווי עס איז שוין ,איז דאָך שוין נאָך אַלעמען,
דאָ העלפט דאָך קיין חרטה, עס איז שוין פערפאלען,
דו ביזט דאָך שוין אין אונזער וועלט אַריין,
אַז דו ביזט שוין דאָ, טו זאָלסטו שוין זיין.

### פא.

דער היינטיגער טאָג וועט דיר ניט זיין אזוי גוט,
מען וועט דיר אָנטהאָן יסורים, אָבצאפּען בלוט,
מען וועט דיר מאכען פאר אַ אידען, א נאָמען דיר געבען,
זאָלסט דעם טאָג געדענקען צייט דו וועסט לעבען,
אז דער נאָמען איד האָט אונז בלוט אָפּגעקאָסט
טויזענדער זיינען צושטאָרבען אין הונגער און פראָסט,
טויזענדער האָט מען צושאָכטען, צושניטען,
און דער איד האָט קיין מאָל זיין אמונה ניט פערביטען.

### פב.

וועסט לעזען זיין ביאָגראפיע וואָס מיט איהם האָט פּאַסירט
זיינע גליקען און אונגליקען, ווען ער האָט עקזיסטירט,
דערנאָך ווי זיין שיף איז צושלאָגען געוואָרען,
זיין זעגעל, זיין רודער אין גאנצען פערלאָרען,
זיינע מאטראָזען דערטרונקען, זיין מאסט צובראכען,—
דאָך האָט ער אין שרעק ניט פערלאָרען זיין בטחון
און איז דורך די כוואַליעס אויף א ברעט געשוואומען,
דאָס איז זיין תורה, וואָס ער האָט מיט זיך גענומען.

פג.

די ווינטען, די שטורעמס, שרייען און רוישען,
די כוואַליעס ווי טורעמס, די ברעט רק זיי שטויסען;
דאָ הויבען זיי איהר צו די וואָלקענס אַרויף,
דאָ ווארפען זיי איהר אין תהום אין דער טיעף;
טויזענדער אינדען זיינען אויף איהם געשוואומען,
און ער האלט גאַנץ פעסט די ברעט אַרומגענומען;
„ניין, זאָגט ער, ברידער, דאָס לאָז איך ניט איין,
מיין גאַנצעס לעבען שטעקט יעצט דעריין.

פד.

אזוי האָט ער געפיהרט א גאנץ לאַנגע צייט
מיט די ווינטען און אינדען א גאַנץ גרויסען שטרייט,
ביז דער רוסישער אָקרענט איז אָנגעשוואונדען(4)
האָט ער מיט איהר שטריק זיין ברעט צוגעבונדען,
יעצט שטעלט זי א לייטער, עס מציל צו זיין,
און בעט איהם אין גאַנצען אין אָקרענט אריין, —
זעה זשע, מיין קינד! הער וואָס מען רעדט!
געהסט שוין אין אָקרענט, נעהם מיט זיך די ברעט.

פה.

זאָלסט ליעבען דיין נאַציאָן פון הארצען, פון גרונט,
שפּאָר ניט קיין ווערטער, שפּאָר קיין געזונט,
זעה זיי צו בעסערען דעם איצטיגען שטאַנד,
ערקלער זיי די גוטסקייט פון קייזער, פון לאנד,
ווי ער וויל זיי מיט אלע נאַציאָנען פערגלייכען,
נאָר זיי זאָלען ניט ווילד זיין, קיין בילדונג ניט ווייכען
די פערוואקסענע גראָז אויסרייסען אין גאַנצען
און גוטע קערנער אויף דעם אָרט פערפלאַנצען.

פו.

רעד דאָס מיט ווערטער אין קהל'שע חדרים,
שרייב דאָס אין צייטונגג, דרוק דאָס אין ספרים,
צי רוסיש, צי העברעאיש, צי אין זשאַרגאָן,
אבי נאָר דו מיינסט, די טובה פון נאַציאָן;
בפרט דו אליין, זיי געווים ניט פערווילדעט,
דען היינט האָט קיין ווערטה א מענש אונגעבילדעט,
אין נײנצעהנטען יאָהרהונדערט ביזטו געבאָרען,
וואָס יעצט איז אונבילדונג דער גרעסטער חסרון.

פז.

פון וואָס פאר א געשעפט דו ווערסט דארפען לעבען,
נעהם מיינע ווערטער, האלט דאָס פאר אַ רבי'ן,
צי סוחרות, צי בילדונג, צי טאַלענט,
צי מוכר, צי סוחר, צי אַן אַגענט,
צי א רב, צי א שוחט, צי א יוריסט,
צי סופרות, צי חזנות, צי אַן אַרטיסט,
צי אַ קרעמער, צי א פאדראטשיק, צי דינען אויף אַ שטעל,
פערפלעק ניט דיין נאָמען און פיהר זיך ראַיעל.

פח.

פילייכט איז אין הימעל, פערשריבען אין צעטעל,
אז דו דארפסט ערגעץ זיין א רב אין אַ שטעדטעל,
זעה זשע זאָלסט ניט שטעהן ביים „המליץ" אין כתב'על,[5]
מען זאָל דיך ניט שילדערן ווי א קליין־שטעטעלדיגען
רב־על,
זאָלסט אייביג געדענקען אין וואָסער צייט דו ביזט,
געדיינק, אז גאָט דאַרף קיין סטראַפּטשעס נישט,
דעם, וואָס דענקט ניט ווי דו, טו ניט קיין רעות,
דאָס איז ניט פארצייטען, האָב ניט קיין טעות.

## פט.

שבת תשובה, שבת הגדול, ווען דו זאָגסט א דרשה,
זאָג ניט קיין פּילפּול, א מהר"ן איז דיר קשה,
לומדים איז ווייניג, דאָס רוב איז המון עם,
אין חלוקים, אין פּלפּולים, פיהלען זיי קיין טעם;
זאָג זיי וואָס נויטיג, וואָס עס נוצט פאר יעדער,
פאר'ן שוסטער, פאר'ן קרעטשמער, פאר'ן בעדער;
איינער זאָל דעם צווייטען קיין פּרנסה ניט יאָגען,
קיין עולות, קיין פאלשע מאָסען, קיין פאלשע וואָגען.

## צ.

אויף א טעפּעל מיט א לעפעל, פרעגט מען אַלע ווייבלע,
נ'כיי וואָלט מען פרעגען אויפ'ן רובעל א שאלה ? !
טאָמער איז דער רובעל נאָך טרפה־ער ווי די געקעכץ?!
טאָמער איז דאָ פאַראַנען יענעמס טרער, צי אַ קרעכץ,—
אָן איי מיט א בלוטס־טראָפּען, ווארפט מען ארויס,
פליישׁ ווייקט מען, מען זאלצט, מען כשר'ט נאָך אויס,
נ'כיי וואָלט מען דעם צונג זאַלצען פון אָבמאַן,
טאָמער איז דאָרט א בלוטס־טראָפּען פאַראַן ? !

## צא.

ווייז זיי ווי ווייט, זיי פיהרען זיך ניט כשורה,
מען זאָל ניט זיין א גזלן און א יראת שמים'דיגע צורה,
א טרפה האַרץ מיט א לאַנגען טלית קטן,
אַ וואָלף אין א שעפּסען פעל האָט גאָט ניט געבאָטען,
א גנב'ישע קאָפּ און צוויי לאַנגע פאות;
א קרומער רוקען מיט פאלשע דעות;
שטעהען לאנג שמונה עשרה מיט פאלשע כונות,
פאַסטען בה"ב און בערייסען אלמנות.

צב.

שלאָגען זיך אָשמנו און טהאָן וואָס איך וויל,
דאַוונען מיט קולות און גנב'ענען אין דער שטיל,
קושען די ציצית און בייסען אלע מינוט,
וואַשען די הענט און איינריכטען אין בלוט,
גלאָצען מיט די אויגען און קוקען אויף יענעמ'ס געלט,
לערנען א שיעור און נאַרען די וועלט, —
אָט אויף דערויף שריי גוואלד, אויף דאָס זאָג מוסר,
אז וואָס כשר איז טרייף, און וואָס טרייף איז כשר.

צג.

מיט פאלשע פראָזבעס, ניט צו בעמיהען די רעגיערונג:
בכן האָט שלמה'לע גע'גנב'עט פאר הונדערט רובעל ציערונג,
דערנאָך אויף שלמה'לען „א פאוואלנעם אָפיט' מאַכען,
שווערען פארקעהרט, אז ער וויים ניט פון די זאַכען;
גיב זיי צו פערשטעהן, די עבירה און דעם ביוש,
ווי מען ווערט נאַר דערמיט, ביי נאַטשאַלסטוואָ מיאוס,
לערן זיי מוסר, לערן זיי מידות,
גלייכער ווי פלפול, ווי קבלה מיט חסידות.

צד.

פילייכט ווייסטו זיין דאָקטאָר מעדיצין,
אַז דו האנדעלסט מיט נפשות האָב נאָר אין זין,
קומסטו צו א חולה, ענטלויף ניט די מינוט,
פרעג אויס, בעטראַכט איהם, בעדענק זיך גוט,
ניט ארייגפאלען אין הויז מיט לארעם און מיט געשריי,
א קוק און פערשרייבען א ביסעל קוקעמיי,
אַ בייזער, פאר וואָס קופער גיט מען דיר,
א כאפ די מטבע און ביזט שוין ביי'ן טהיר.

### צה.

זיין גאנצען לעבען האָט ער דאָך אויף דיר פערטרויט,
דו זאָלסט איהם העלפען, ראַטעווען פון טויט,
זיין ווייב, זיינע קינדער, גיסען מיט טרעהרען,
האָפען נעבאך דורך דיר געהאָלפען צו ווערען,
טו וואָס קען מען אין א ווײַלע א קראנקהייט פערשטעהן,
אַ קראנקהייט בייט זיך דאָך, דאָס ווייסטו אליין,
בפרט דו צושרעקסט זיי ביי דער ערשטער מינוט,
אָט בלייבען זיי נעבאך אָהן קאָפּ און אָהן מוטה.

### צו.

איך קען א דאָקטאָר אָט מיט די זעלביגע זיטען,
פאָהרט ארום אין א שעה אויף צוואנציג וויזיטען;
אַריין און אַרויס, א מינוט ניט פערזאמט,
דען ער דאַרף דאָך דעם שותף געבען צום האַנד,
ער מיט דעם מלאך המות, צוויי שותפים אויף דער ערד,—
ער מיט זיין פען, יענער מיט זיין שווערד,
ער שניידט צו און יענער נעהט אויף,
ער נעהמט דאָס געלט און יענער דעם גוף,

### צז.

און האָבען זיך דאָס רוב אין שטאָדט נייע געסט,
אַ קאטער, א טיפוס, אַ נערווען־פיבער, אַ פעסט,
און דערצעהלט נאָך פאר אַלע זיינע פלאים,
אַז א האַלבער בית עולם זיינען זיינע חולאים,
הגם פון אַזעלכע דאָקטוירים איז זעלטען צו הערען,
און כמעט אלע זיינען מיט גוטע כאַראַקטערען,
האָב זשע קיין פאראיבעל ניט, איך בעט דיר מחילה,
אויסרעדען אַן עין הרע, שארט דאָך ניט חלילה.

צח.

טאָמער ווערסטו אין וואָלין א רבי ביי חסידים,
שמאָקטשע ניט ווי א פּיאווקע די בלוט פון די נגידים,
פיעל דאָס ווייבעל גיט פּדיון דינג זיך נישט,
דו ווייסט דאָך דעם אמת, אז דאָס איז אויך אומזיסט;
געה ניט אַריין מיט די עקרה בעזונדער אין חדר,
ווארום היינט איז שוין דאָ בא'נבל'ער, באַרעדער, —
און קענען די מעשה אין צייטונג פּובליקירען,
און דאָס ווייבעל קען נאָך איהר כתובה פערליערען.

צט.

לאָז ניט שטעהן אויפ'ן הויף פון צוויי שעריינגעס אן עולם,
ווען דו געהסט דורך אין מיטען אויף נקבים גדולים,
און צו וואָס דארפסטו נאָך צוואַנציג פערד אין סטיינע,
אַז אלע פערד פון דיין סביבה זיינען אויך דיינע;
וואָס פאר די בעסעל האָבער, פאר די ביסעל שירים,
פאר די ביסעלע תיקון, וואָס דו זאָגסט זיי לחיים,
האָרעווען זיי ווי פערד טאָג ווי נאַכט
און די ביסעלע מזומן ווערט צו דיר געבראכט.

ק.

שטעל ניט א שטול פלוצלונג, און זאָגען „ברוכים הבאים?!
אַז עס בלייבען שטעהן ווי צוטומעלטע דיינע משוגעים,
נאָר דיין גבאי איז זיי שטילערהייט דעם סוד מגלה,
אַז עס זיינען צו דיר איצט געקומען די אבות אַלע,
און בשעת דו ביזט שכור און פאַלסט אויף דער ערד
מסתמא,
זאָל דיין גבאי ניט זאָגען, אז דו האָסט עליות נשמה,
דען היינטיגע אפּיקורסים, קיין גוטער זאָל זיי ניט קענען,
קענען דיינע מופתים אין „קול מבשר“ דערמאָהנען.

קא.

לעג ניט אָן אויף דיינע חסידים נאַלאָגען,
שווערע לאַסטען, וואָס ניט צו דערטראָגען,
פערקויף ניט קיין קוויטלאך פון סליחת עונות;
בכן מעג יענער שוין זינדיגען אויף דיינע חשבונות,
דען דאָס האָט אמאָל געטהאָן דעם פאַפּסט'ס אַ קאַרדינאַל
האָט דאָס גאנץ דייטשלאנד געריהרט ביי'ן גאַל,
און נעמסט נאָך 289 רובעל! דאָס הויבט דאָך דעם מאַרך!
אפשר ווייל דאָס בעטרעפט בגימטריא „פאַרח?" (ך.)

קב.

איך מיין עס ניט דיך; דו אונשולדיגעס קינד!
הלואי וואָלסטו אייביג זיין, ווי איצט ריין פון זינד,
נאָר איך קלער דאָך, טאָמער ראַרפסטו א רבי ווערען,
אַזעלכע מעשיות זאָל מען פון דיר ניט הערען,
זומער צוזאָגען שניי, און ווינטער רעגען,
פון מלאך המות ארויסכאפּען זיין דעגען,
נעהמען מעשר פון אַלץ, אפילו פון נדן'ען פון כלות,
מאכען זיך א משיח שטיבעל, שטעלען אידען בדלות.

קג.

ווער עס גלויבט ניט, שטעך איהם ניט מיט נאָלען,
שריי ניט מיט כעס, „גאָט זאָל איהם בעצאָהלען!"
„וואָרום דעם אפּיקורס' נשמה איז פון עולם הטעות"
און דאָ הייסען בשתיקה אונטערצינדען זיינע נחלאות,
און אַלע דערצעהלען פון רבי'ן דעם מופת:
„איהר ווייסט, ר' טרייטיל! וואָס בעטייט די שריפות?
„ווי דער רבי האָט זיך געגעבען, אויף איהם א בייזער
„איז אראָפּ אַ אש מן השמים און פערברענט די הייזער."

### קד.

הגם מען זאָל וועלען רעדען פערקעהרט
מוז איך מוחל זיין, איהר זייט אלץ ווערטה,
דען אין אנדערע שטעדטלאך זיינען חסידים ווילד,
מיט אַ ברענענדען פאַנאַטיזם, די בלוט ניט געשטילט;
אָהן הערצענס־געפיהל, אָהן מענשליכען געביסען,
און ווען דער רבי וואָלט ניט האַלטען דעם צאם
שאדען זיי דער געזעלשאפט, ווי א ביטערער סם.

### קה.

ווי באַלד אז אזוי, מאכט דאָך ניט אויס,
מיט וואָס דו טרייבסט זיי די ווילדקייט ארויס,
צי מיט מופתים, צי מיט קבלה ווערט עס געשפיעלט
אבי זייער ווילדקייט ווערט דאָך געשטילט,
נאָר דיר, מיין קינד, וואָלט איך געגעבען אַן עצה,
כדי מען זאָל דיר ניט אויסלאַכען, הינטער'ן פלייצע,
בעסער וועניגער מופתים און מעהר יראת שמים,
קענסט זיין א גוטער איד אָהן נסים, אָהן שירים,

### קו.

דאַווען אין דער צייט, מאַך ניט קיין שהיות
מיט דיין רויכערן די לולקע, מיט דיינע נקיות;
דאַווען גאַנץ שטיל, שטעה מיט דרך ארץ;
ניט מיוקען און קוויטשען, ווי אַ קאַץ, ווי אַ שרץ;
פאַר וועמען שטעהסטו! האָב נאָר אין אַכט —
דו וואָלסט פאר א קוואַרטאַלנעם אַזעלכע הויות געמאַכט:
גלאָצען מיט די אויגען, קרימען מיט די באַקען,
וואָלט ער דיר אויך געגעבען האלז און נאַקען.

קז.

קלאפּ ניט אין וואַנט, ראַוועז זיך געדולדיג,
ווילסט נאַרען חסידים, וואָס איז די וואַנט שולדיג?
גיסט איהר דען אַ חלק פון דיינע פּדיונות?
האָט זי דען הנאה פון דיינע עונות?
גענוג וואָס זי הערט דיינע ווילדע געשרייען,
דיינע מיאוסע תנועות, דיין ניגון, דיין דרעהען,
און זאָגט קיינעם ניט אויס, וואָס פאר אַ מאַכער דו ביזט,
טו וואָס האָסטו צו איהר? וואָס שלאָגסט איהר אומזיסט?

קח.

נאָר בעסער פון אַלץ וואָלט איך דיר ראַטהען:
האָסט שוין די אַפּותיקא? וואַרף אַוועק דעם משא ומתן,
זיי דיך א סוחר, א קאנטאָריסט, אן אַגענט,
צי לעג דאָס אין באנק און לעב פון פּראָצענט,
און פאר די חסידים זאָג אויס דעם אמת,
„אז עס האָט קיין האַפט די קמיעות, די שמות, — —
„ליבערסט עפענט די אויגען, זייט מענשען אויף דער וועלט,
„גענוג שוין צו געבען אויף נאַרישקייט געלט!“

קט.

אָט ביזטו מיין קינד מקדש השם
און פיעל וועלען זיך לערנען א מוסר פון דעם,
דען סוף כל סוף איז ניט גוט מיט דיין פיהרונג,
מיין ניט, עס ווייסט ניט דערפון די רעגיערונג.
זי קוקט אויף אַלץ, האָב ניט קיין טעות —
אויף אייערע פּדיונות מיט אייערע נפלאות,
אפילו אין ספּאַלניע, וואו דער פּאָרהאַנג איז פערצויגען,
קוקען דאָרט מענשען מיט טויזענדער אויגען.

קי.

נור אויף היינטיגע נאַטשאַלסטוואָ טרעפט איהר אָן גראד,
וואָס פיהרען דעם נאַראָד מיט רחמים מיט גענאָד,
פערשטעהען דעם כאַראַקטער פון איטליכער נאַציאָן,
לאָזען פריי דעם פאַנאַטיקער, צווינגען קיין רעליגיאָן,
מען וויל ניט צושלאָגען דעם האָהן אין מיטען קרייען,
נאָר דו, מיין קינד! זעה זיך אַרויס צודרעהען,
טהו דיר וואָס דו ווילסט, נאָר ניט אזעלכע רבנות,
דען דיין געלט און דיין עהרע, שטעהט דאָ אין סכנות.

קיא.

פילייכט וועט דיר דריקען דיין נויט, —
דו זאָלסט פון פידעל זוכען דיין ברויט,
פיהר זיך נישט ווי די כלי־זמר אַלע,
צו זידלען מחותנים, זידלען חתן כלה,
קומען אויף א חתונה, נאָר לאַכען און כאַפּען,
זוכען נאָר בראנפען, א שנאַפּס צו דערטאַפּען,
שלאָגען זיך אויפ׳ן גאַס, אויסטהאָן די בושה,
מיין ניט, אַז כלי זמר האָבען דאָס בירושה.

קיב.

דוד המלך האָט אויך געקענט שפּיעלען אויפ׳ן פידעל
און איז זיך געוועזן אַ גאַנץ פיינער אידעל,
אַז איידער מען ברייננגט איהם צו שאול׳ן אין די סאַליעס,
האָט מען פריהער גערעכענט פון איהם אַלע מעלות,
אַ ראיה פאַר דיר, אַז ניט דאָס איז דער עיקר,
אַ כלי־זמר זאָל זיין טאָג און נאַכט שיכור,
ניט ליגען אין שענק, ווי א וויינער ביים קראַן,
מען מאָג קאָנען שפּיעלען און זיין אַן עהרליכער מאַן.

קיג.

אַ מקרא דרדקי מלמד טאָמער קומט דיר אויס צו זיין,
קריך ניט מיט קונצען צום בעל הבית אין בוזים אריין,
לויף ניט אויף ברית'ן, אָבמאַכען מיט'ן בעל ברית,
אַז דער אינגעל זאָל זיין דיין תלמיד געווים,
אין פיער יאָהר אַרום, אַז ער האָט חרטה,
שלעפּען איהם צו בית דין מיט זלזולים, מיט קטטה,
אַרער זאָגען דער מוטער, ווערסט שילטען דאָס קינד.
אָט מוז מען דיר מפּצה זיין מיט רובעלס געשווינד.

קיד.

קומסטו צו א בעל הבית נעהמען דאָרט אַ אינגעל
בעלידיג ניט אַנדערע מיט דיין געשליעפּענעם צינגעל:
דער האָט פיעל קינדער, דער איז ביי זיך פריץ,
דער איז אַ בערלינער, דער איז אַן עם הארץ,
דער איז אַ שיכור, דער די קינדער קנייפּט,
דער מיט די... קאַטאָוועס טרייבט,
דער האָט אַ בייז ווייב, אַ מאַרק אידענע פון גאַס,
ביי יענעם איז אין חדר טשאדנע, רויכיג, נאַס.

קטו.

ווי דער שטעהט און רעדט גראָד קומט אָן יענער,
דאָ נעהמט מען זיך שלאָגען, ווי צוויי וולאָסקע העהנער,
קולות, זלזולים, מען מאַכט זיך ווי די בלאָטע,
דער רייסט די באָרד, דער פליקט די קאַפּאָטע,
פאָטער און מוטער בלייבען שטעהן ווי צומישט
ביז דער אינגעל זאָגט, צו דעם וויל ער נישט,
ווייל יענער האָט איהם איצטער אַ צוקערקע געגעבען,
אָט בלייבט שוין דער אינגעלע ביי יענעם רבי'ן.

## קטז.

ליבערסט זאָל דיר גאָט אָן אַנדער פּרנסה געבען
איידער זאָלסט דאַרפען פון מלמדות לעבען,
נאָר אויב דיר איז חלילה מלמדות בעשערט,
פיהר זיך ניט ווי דו האָסט דאָ, די שילדערונג געהערט.
קליינינקע עופלאך מוז מען בילדען כאַראַקטערען,
קיין שבועה, קיין קללה, טאָר ניט געהערט ווערען,
פּונקט ווי ווערים אין אַ יונגען עפּעל,
אזוי קריכען די מדות אין דעם יונגען קעפּעל,

## קיז.

ווען איינער גיט דיר בעהאַלטען א פּקדון
ביזטו דאָך מחויב צו היטען פון שאָדען,
בפּרט טאַטע מאַמע בעצאָהלען פאַר'ן היטען,
ביזטו דאָך מחויב איינצופּלאַנצען גוטע זיטען,
און אַז דאָס קינד זעהט ביי דיר אַ פערקעהרטען סדר,
נאָר פאַלשקייט און ליגען הערט ער פון חדר,
אָט פלאַנצסטו אין זיי דאָך פערדאָרבענע קערנער,
פון די שעהנינקע בלומעלאך, ווערען שטעכיגע דערנער.

## קיח.

אויב דיין געדאַנקען וועט דיר פיהרען
אין ראַבינער שול צו שטודירען, —
געדענק דעם צוועק, וואָס רעגיערונג האָט געמיינט,
אידען זאָלען ווערען מיט בילדונג בעשיינט,
געבילדעטע פאָרשטעהער צו האָבען אין לאַנד,
אידען זאָלען ניט זיין צו שפּאָט און צו שאַנד,
אַ רב, וואָס זאָל זיין רעליגיעז און געבילדעט,
ניט צו פיעל פריי, ניט צו פיעל פערווילדעט.

## קיט.

תורה און חכמה זאָלען שטימען אין איינעם,
אמונה מיט בילדונג, ווי צוויי גוטע שכנים,
צום ענדע וועט מען דיך אן עהרע שטעל געבען
מיט אָרענטליכע געהאַלט, בכבוד צו לעבען, —
טו זעה זשע מיין קינד, פערגעס ניט דעם צוועק,
שלעכטע חברים איבערהויפּט וואַרף אַוועק,
רעליגיע זאָל קיין האַס אויף די בילדונג ניט טראָגען,
די בילדונג זאָל ניט וועלען אמונה פעריאָגען.

## קכ.

פון נאַרישע שילער ניט נעהם קיין משלים,
פערברענג ניט די צייט אין הבל הבלים,
לויף ניט אין פרעמדע הייזער אַרום,
בייט ניט אַלע ווייל, ווי אַ פראַנט, דיין קאָסטיום,
פּלאַפּעל ניט אויף פראנצויז, אַז דו קענסט ניט אַ וואָרט,
טראָג קיין לארנעט, זוך ניט קיין קאָרט,
גיב נישט אַוועק דיינע קרעפטען צו דאַמען,
דאָס נעהמט צו די צייט מיט'ן לעבען צוזאַמען.

## קכא.

אויב דיך, מיין קינד, וועט בעשערט זיין פון גאָט
צו זיין אַן איזבאָרשציק אין א אידישער שטאָדט,
פיהר זיך ניט ווי אַנדערע, פוי חלשות!
דאָס איז דאָך אידישע געלט! בלוט! נפשות!
שטעל ניט דעם אביון קיין גרויסע ערכה,
שטיץ ניט צו פיעל דיין אייגענע משפחה,
מאַך ניט פאר'ן וויבאָר צו אַלעמען לחיים
זיי זאָלען צום וויבאָר שרייען „זשעלאַיעם!“

קכב.

מאַך ניט קיין אסיפות מיט דיינע דעפּוטאַטען,
אַז נאָר די אפּיקורסים זאָלען געהן פאר סאָלדאַטען,
דער געהט ניט צו תשליך, איז ער שוין אַן אפּיקורוס,
דער לערענט תנ״ך מיט׳ן דעסויער׳ס פּירוש;
כאָטש עס קומט ניט פון איהם, זיין אָטשערעדע איז א
ריינע,
און האָט נאָך אַ ווייב מיט דריי קינדער קליינע,
ביים חייב נעמען געלט, אונטער׳ן שטאָדט איהם בעלייטען
און געבען איהם אַ פּאַס אויף דעם נאָמען פון אַ טויטען.

קכג.

הגם די רעגיערונג, פערהיט שטאַרק די זאַכען
מען זאָל ניט קענען קיין מאשענסטוואָ מאַכען,
נאָר א איד, וואָס האָט געלערענט „אמר אביי״ מיט כונה,
א געדרעהטען, „ורמינהו״, א „תא שמע״, א „הכי קתני״
געפינט זיך אַן עצה צו טהאָן נאָך זיין ווילען,
א שטר עסקא, אַן ערוב תבשילין,
בפרט דער געדריקטער איז אין רוסיש שטום,
בכן בלייבט דער וואָלף ווי א שעפּסעלע פרום.

קכד.

איך האָב געזעהען געננג, די חברה אַלערליי,
גאָט זאָל דיר בעהיטען, זאָלסט זיין אזוי ווי זיי,
טאַקע, ווי דער וואָלף, צורייסט ער און צופּליקט,
דעם געריסען, דעם געביסען, דעם געוואָרגען, דעם
געשטיקט
ווען אייזען שלאָגט האָלץ איז גאָר קיין געוודער,
אָבער אייזען שלאָגט אייזען! א ברודער אַ ברודער!
פון אונזער וואַלד וואַקסטו, טאָפּאָריסקע, אוים!
יעצט קומסטו און צולעגסט פון קליין ביז גרויס ?!

קכה.

רעדט איינער פון וועהטאָג איהם אויס אַ וואָרט,
שיקט ער איהם אָב מיט א ראפּאָרט,
דען אָבשצעסטוואָ חתמ'עט זיינע עונות,
אַז ער האָט זיי געזידעלט מיט בזיונות
און נאָך עבירות וואָס איז אמת, ווי יענע,
ווילען מאַכען אויף איהם אַ חודאָיע פּאָווערעניע,
„ניש־קשה!“ עס מעז קאָסטען א הונדערטער קהל, —
א כפּרה מעג ער זיין פאר כל ישראל“.

קכו.

בעטען דיר זאָלסט זיין א גוטער, אַ טרייער,
זאָלסט צוגעהן געגען טרעהרען, ווי וואקס געגען פייער,
איז מיין בקשה אומזיסט, דאָס וויים איך אַליין,
ווערסטו אַן איזבאָרשציק, האָסטו אַ האַרץ פון שטיין,
נאָר צום ווענינסטען מיט די הענט דעם פּנים פערמאַכען,
ווען פון יענעם גיסט בלוט, זאָלסטו עפענטליך ניט לאַכען
דיין ווייב זאָל ניט געהן מיט ציערונג אזוי פיעל,
האָסט קהל'שע געלט, בעהאלט כאָטש אין דער שטיל.

קכז.

וועסט זיין אַ געשטודירטער, זיינען מיינע רייד צו אָרים,
דען דאמאָלס וועסטו שוין האָבען בעסערע ספרים,
וואָלט איך דיר וואָס בעטען, דו ביזט דאָך אַ גוטער,
פאר די אַלטע תורה, פאר דיין אַלטע מוטער,
דו זאָלסט איהר פון שטוב ניט פעריאָגען מיט שנאה
און דו זאָלסט איהר ניט אָנטהאָן קיין קרינאָלינע,
דען אַז דו הויבסט איהר אָן צו פּוצען שטאַרק
האָט זי שוין מורא, טאָמער גיסטו איהר אויך אין קאַרק.

קכח.

ווערסטו זיין א מלוה, דריק ניט ביז טויט
אַזעלכען, וואָס האָט באַנקראָטירט פון נויט;
ווערסטו זיין א סוחר, היט זשע דיין וואָרט,
ווערסטו זיין אַ שוסטער, געדיינק זשע דיין אָרט,
נאָר יאָג זיך ניט נאָך צעכאָוואָיע גבאות,
דאָס איז ניט קיין ראַנגע, האָב ניט קיין טעות,
מען ברייננגט נאָר אויס די צייט אין נישט
און מען קויפט זיך נאָר שונאים אומזיסט.

קכט.

אייך רבותי! בעט איך, פערצייהען גרויס און קליין,
וואָס איך האָב אַ צייט אייך געלאָזען אין טליתים שטעהן
פערהאלטען אַן עולם, אויפגעהאלטען די מילה
און האָב אייך אָנגעלייענט אַ גאַנצע מגילה,
איך האָב אפשר אַנדערע שטארק בערירט,
פילייכט האָט זיך ווער ביי זיך געשפירט,
טהוט דאָס מיר הנאה, זאָג איך אייך אָפען,
אַז איך האָב געשאָסען, געציעלט און געטראָפען.

קל.

פילייכט רעכענט איהר דאָס פאַר א חטא,
וואָס איך האָב אין א טלית די ווערטער גערעדט;
קען איך אייך זאָגען, אַז די רעד איז מיר הייליג
פונקט ווי דעם רב׳ס אַ פילפול א חילוק,
הלואי וואָלטען דאָס אין שול זאָגען מגידים,
הלואי וואָלט עס דער רבי זאָגען פאַר חסידים,
הלואי וואָלט מען די ווערטער אין האַרצען גענומען,
וואָלט שוין לאַנג אויף אידען א ישועה געקומען.

קלא.

און דו יונגעס קינד, מאַך זיך יעצט מוטה
צו ליידען יסורים עטליכע מינוט,
דען רעליגיאָן איז אייביג, זיס און גוט,
הרום קומט עס אָן מיט יסורים, מיט בלוט;
זי איז פאר'ן קראַנקען א גוטער רעצעפּט,
זי גיט זיסע האָפענונג כל זמן מען לעבט;
און ווען די זעלע האַלט שוין ביים שיידען
וויזט זי איהם דאָרטען אַ זיסען גן עדן.

קלב.

געדענק זשע מיין קינד! געדענק זשע די ווערטער,
זיי וועלען דיר פאָרקומען אין אַלערליי ערטער;
און דאַן וועסטו האָבען דעם סנדק אין אַכט,
זוי ריכטיג ער האָט דאָס די וועלטעל בעטראַכט,
איך וועל דיר נאָך קומען בעזוכען דיין וויעגעל,
איך וועל דיר נאָך פאָרשטעלען די וועלט ווי אַ שפּיגעל,
יעדען כאַראַקטער, ווי אויף דער קאַרט,
פאר יעצט איז גענוג, דען אַן עולם לאַנג וואַרט.

קלג.

איך ווינש דיר אַ געזונד, ווי די פריהלינגס בליהונג,
איך ווינש דיינע עלטערן אַ גרינגע ערציהונג,
דו זאָלסט דיין וועלט־ים רוהיג איבערשווימען,
תורה מיט חכמה זאָל ביי דיר שטימען,
זאָלסט זיין פון די גוטע, געבילדעטע, פרומע, — —
זאָלסט זיין א שטיצונג פאר דיין עלענדע אומה,
עלטערן זאָלען דיר ערציהען, אָהן מכאובים
לתורה ולחופה ולמעשים טובים...

1882

# די האַרץ-שליסלען

„נעשה אדם בצלמנו כדמותנו" (בראשית א׳ כ"ו).
„במי נמלך? וכי היה לו שותף להקב"ה במעשה בראשית" (מדרש רבה שם).

1

הערט נאָר, שלאַנגען, קראָקאָדילען,
אויך שקצים, רמשים, דאָ אויף דר'ערד!
בערען, לייבען, שפּינען, גרילען!
וועלף און טיגער, אָקסען, פערד!
אָדלער, פּאַוועס, הינט און אַפּען!
אין איינע רייהע זיך צושטעלט!
איך וויל פון אייך איצט בעשאפען
עפּעס אַ נייעס אויף מיין וועלט!

2

אויך די פויגעל וועלכע שוועבען,
פון דאָס פיינסטע ביז דאָס שפּור!
יעדעס טהיער זאָל פון זיך געבען,
איהר כאַראַקטער און נאַטור!
איך וועל אויך פון מיינע קוואַלען,
שענקען שכל און פערשטאַנד;
דיעזע אַלע מאַטעריאַלען
וועל איך מישען אַלץ באַנאַנד!

3

נאָך דער געשטאַלט פון איין אַפּען
און נאָך דעם בילד פון גאָט אַליין —
אַזוי וועט זיין דאָס „נייעס“ בעשאַפען,
און „מענש“ וועט זיין נאָמען זיין!
אויף דעם בילד בין איך רעדאַקטאָר,
יעדער טהיער — קאָרעספּאָנדענט,
פון אייך אַלע דעם כאַראַקטער
שעפּט דער „מענש“ — מיין אַבאָנענט!

4

אַלץ וועט מען אין איהם געפינען:
אי וואָלף, אי לייב, אי הונד, אי קאַץ,
פּאָפּוגייען, פליגען, ביהנען,
די נאַטור פון האָהן, פון ראַץ!
אויך ווי איך וועט ער בעקלערען
וועלט און לעבען, שוואַרץ און וויים!
קראַפּט און שטאָף, אויך הימלען, שטערען,
דענקען פיעל, אנטדעקען נייעס!

5

אָט אזוי האָט גאָט גערופען
צו די ברואים פרייטאָג פריה,
גלייך ווי ער האָט אַלץ בעשאַפען:
חיות, שרצים, פויגעל, פיה.
באַלד שטעלט גאָט אוועק זיין פאָרעם,
אַלע טראָגען מאַטעריאַל,
פון דעם העלפאנט ביז דעם וואָרעם,
פון די פּרטים ווערט איין כלל.

6

אָבער דיעזע אַלע שטאָפּען,
האָט גאָט, ליידער, ניט צומישט,
דער מענש ווערט נאָר בעשאפען,
פון וואָס אין האַנד איהם פריהער פליסט.
דעם קומט אָן פון פערד אַ חלק,
בלייבט ער פערדס־קאָפּ ביז אין טויט;
דער איז גוט און פיין, הייליג,
פון גאָט'ס טהייל איז ער געבויט!

7

וואָלט גאָט דיעזעס גוט אויסמישען,
וואָלטען אַלע געוועזען גלייך,
אָהן אַן אונטערשיעד צווישען,
ווי די טראָפּענס אין איין טייך;
אַלע מענשען וואָלטען שטימען,
און אויך שטרעבען צו איין ציעל,
אין כאַראַקטער קיין שום סימן, —
איין געשמאק, און איין געפיהל!

8

ביי די מענשען, די מיליאָנען,
קיין הארמאָניע וואָלט געפעהלט:
נאַציאָנען, רעליגיאָנען,
וואָלטען נאָר א י נ ס זיין אויף דער וועלט!
גלייכע גוטע, גלייכע שלעכטע,
אַלע ווי פון איין פאַבריק:
קיין גערעכטע, אונגערעכטע,
קיין שווערע האנד, קיין אונטערדריק!

9

אויך די פרויען — גלייך געזאָגען,
פּונקט געשטימט, געהאַרמאָנירט,
מאַן און ווייב — גלייכע פּערזאָנען,
גט׳ען וואָלט ניט עקזעסטירט!
גלייכע נעזער, גלייכע צורות,
שעהן און מיאוס — אַלעס אַראָפּ!
די וועלט — א ספר, מענשען — שורות,
אַלע זינגען — ווי איין קאָפּ!

10

איהם איז אבער זאָ געפעלען,
מענשען זאָלען גלייך ניט זיין,
ער זאָל זיך פון הימעל קוועלען,
ווען ער קוקט אויף זיי זיך איין...
ווי איינער רייסט זיך מיט דעם צווייטען,
זאָגט דער שוין „יע“, זאָגט דער פונקט „ניין“!
ק י ן זאָל אַלץ ה ב ל ׳ ע ן טויטען,
„פיהר זיך נאָר ווי איך וויל אליין“!...

11

דרום האָט גאָט די אַלע שטאָפּען,
דאָרט אין פאָרעם ניט צומישט,
מענשען ווערען נאָר בעשאפען,
וואָס אין האַגד איהם פריהער פליסט!
יעדער מענש האָט זיין סימן,
יעדענס הארץ ווען מען בעטראכט,
קען מען פינקטליך גלייך בעשטימען,
פון וועלכע שטאָף דאָס איז געמאכט!

12

דען דער מענש, וואָס זיינע שטאַפּען
איז פון חיה מעהר פּראָצענט,
זעהט מען פון זיין פיהרונג אָפען,
פון כאַראַקטער ווערט ער דערקענט!
מעהרער הונד — איז מעהרער חציפות,
מעהרער שלאַנג — איז מעהרער גיפט,
מעהרער קאַץ — איז מעהר חניפות,
מעהרער גאָטהייט — מעהר פּערטיעפט!

13

בכן וועל איך אייך שליסלען געבען,
הערצער־שליסלען איז גוט מיט זיי!
נוצען וועלען זיי ביים לעבען,
קאָנען מענשען אלערליי!
איינער וועט זיך פּערמאסקירען,
דערמיט אָבער פּועל'ט ער נישט;
אייער אויג וועט שוין דערשפּיערען,
וועלכע שטאָף איז מעהר פּערמישט!

14

זעהט איהר דאָרט דעם עזות־פּנים?
ער פיהרט די שטעדטעל פאר'ן נאָז,
און דאָס שטעדטעל, די נאַראָנים,
ציטערט פאר איהם ווי א האָז;
קוקט אין איהם, — ווי א שפּיגעל,
זעהט איהר גלייך זיין ערשטע שפּור:
איהם כאפּט גראָיִ"ע — „וואָלף" איז טיגעל,
און דאָס שטעדטעל — שעפּסען־נאַטור!

15

ער שפּאַצירט מיט צוואַנציג מיידלאַך, —
האָט א שטאַרקען אַפּעטיט...
אוכאַזשעוועט ארום די קליידלאַך,
שלינגט די סליונע פון איהרע טריט...
לאַכט פון איהם ניט! זייט געדולדיג!
ער וועט, מענער, גאָר ניט טאָן,
ער איז גאָר דעריין ניט שולדיג, —
איהם כאַפּט גראד די נאַטור פון „האָהן“!...

16

זעהט איהר דאָרטען דעם מקבר! —
פּאַלמעסט יעדע נייע ווערק:
גראָבט אין ספר מיט אַן אקער,
מאַכט פון יעדערען אַ טערק!
אויך מחברים פון די קברים,
שוינט ער ניט — כאָטש נעהם און פּלאַץ!
דאָס איז א „מויז“ צווישען ספרים, —
דראַפּעט... ביז עס קומט אַ קאַץ!

17

זעהט איהר דאָרט דאָס אָרעם מיידעל,
שינדט פון פּאָטער אָפּ די פעל:
אַלע וואָך אַ נייע קליידעל, —
טאַנצט נאָר נאָך יענע מאַמזעל!
טשעפּעט איהר ניט! לאָזט זי פאָהרען!
ביז אין בלאָטע בלייבט איהר פוהר:
זי איז שוין אזוי געבאָרען —
„אפּפּע“, „מאַלפּע„ פון נאַטור!

18

דאָרט שיינט איינער זיין געבילדעט,
לאַכט און שפּאָט פון רעליגיאָן,
„פרום זיין" הייסט ביי איהם „פערווילדעט",
שיט אויף פרומע שוואַרצע מאָהן, —
רעכענט איהם ניט פאר קיין גבור!
ער ווייסט ניט זעלבסט זיין פלוידעריי;
פרעמדע דומהייט רעדט ער איבער, —
דאָס איז גרינדליך א „פּאָפּוגיי"!

19

יענער גיסט מיט ווערק ווי רעגען,
קיינע האָט ניט קיין סיסטעם:
רעדט פון „ישוב"1) אויך דאַגעגען, —
קלערט ניט, ברידער, וועגען איהם!
ער איז גרינדליך „כוי" געבאָרען,
תלמוד רעדט שוין וועגען איהר!
נאָך איז ניט דערקלערט געוואָרען,
אויב „בהמה" אָדער „טהיער"!

20

דאָרט א שכנה פיהרט רכילות,
גוטע פריינד ווערען אין קריעג,
מיט „קאַזאַלעס", „כאַוואַרילעס",
און בערעדט א קינד אין וויעג, —
דאָס איז א „שפּין", א האָר ניט בעסער,
אין די פּליאָטקעס איז איהר קראַפט!
בויט און בויט אין לופטען שלעסער,
ווי שפּינוועבס האָט די רייד א האַפט

21

דאָרטען זעהט איהר דעם בלוט-זויגער,
ער ברייננגט גאָר פּיעלע אין גרויס נויט!
בלוט צו זויגען איז זיין שטייגער,
רייסט פּראָצענט פון לעבעדיג, פון טויט, —
בעטראכט איהם נאָר גאַנץ געדולדיג,
זעהט זיין גאַנג, זיין טריט, זיין שפּור,
וועט איהר זעהען, ער איז ניט שולדיג:
דאָס איז „פּיאווקע" פון נאַטור!

22

יענער פלוידערט אָהן ממשות,
צווינגט מיך הערען, לאָזט ניט אָפּ,
מיך פאלט, פשוט, צו חלשות,
ער האָט מיר שוין פערדולט מיין קאָפּ!
קלאפּט מיר רק איבער'ן אָרעם:
„הערט אקאָרשט!" — ווייס איך שוין באַלד,
אַז דאָס איז „פּריסיל" נאָך פון פאָרעם,
קריכט אין אויער איבער גוואלד!

23

איינער איז פערזונקען אין שמוץ,
קוקט ניט אויף קיינעם אין דער וועלט!
וויל אויך קיינעם ניט טהאָן קיין גוטס, —
זיין נשמה ליגט נאָר אין זיין געלט!
צעהן טויזענד האָט ער אודאי,
יורשים וואַרטען אויף זיין שמאַלץ, —
ביים בעשאפונג טרעפט איהם גראַדיי
חלק „חזיר" מעהר פון אלץ!

24

זעהט דאָס ווייבעל, די מאַזעפּע!
אַ וואָלף ברעכט, ווען ער עסט איהר אויף...
דריי אַרשין לענג האַלט איהר שלעפּע,
לעגט דעם רעיון נאָר דערויף, —
זייט ניט, ברידער, זאָ טשיקאווע!
זי איז ניט שולדיג מיט דעם גאַנג, —
זי איז גראָד געבאָרען „פּאַווע“,
דער קאָפּ איז קליין — דער עק גאָר לאַנג!...

25

יענער דרוקט אָפּט אָפּ א פּשט׳ל,
שירים שיקט ער אויך אין בלאַט,
שרייבט אין צייטונג פון זיין שטעדטעל, —
גאָר א פאָלנער ליטעראַט:
דאָס איז „קאַטשקע“ — אלץ צו ביסלאך,
שווימען, פליהען, ווי אויך געהן,
זעהט־זשע, ברידער, איהרע פיסלאך,
קען דאָס נימאַלס רעכט ניט שטעהן...

26

זעהט די ארורה, איהרע כליפּען!
קוקט דעם צינגעל — שוואַרץ ווי קויל!
ווילדע אויגען, בלאָהע ליפּען,
סם מיט פיענע שלאָגט פון מויל!
שילט און שרייט, און ברענט מיט צאָרן,
פּעך און שוועבעל פון מויל טריפט, —
עס איז ״יאַשטשערקע„ פון געבאָרען,
אַך, ווי שעדליך איז איהר גיפט!

27

זעהט איהר דאָרטען יענעם געלען,
ער רעדט זיך גלאַט, סקלאַדנע, שטיל.
איהם וועט שוין קיין מיטעל פעהלען.
ווי צו שיסען דיר אין ציעל,
אונגליקליך ביזטו אודאי,
ווען דו קומסט אין זיינע הענד, —
ביים בעשאפונג טרעפט איהם גראדע,
חֵלק „פוקס" א גרויס פּראָצענט!

28

זעהט איהר אָבער יענעם מענשען,
האָט אַ גוטעס, ריינעס הערץ:
צדקה טיילט ער אָהנע גרענצען,
פיהלט דעם צווייטענס פרייד און שמערץ!
פון א גזילה זיך פערהיטען,
ריין איז שטענדיג זיינע הענד, —
איהם טרעפט גראָד פון גאָט'ס זיטען
ביים בעשאפונג מעהר פּראָצענט!

29

נאַט איך, פריינד, א הערצענס-שליסעל,
וואָס צו אַלע קומט עס צו;
כללים זאָג איך איך נאָר אַ ביסעל,
פּרטים איז פיעל, ווייסט נור וואו...
גאָט, ברידער, זאָל איך בעהיטען,
מיט שרצים, פיה, צוזאַמען זיין!
פאַלט איהר שוין אריין אין מיטען,
שליסט כאָטש אויף, און קוט זיך איין...

30

איהר זאָלט יעדען נאָר בעטראכטען,
זיין פיהרונג מיט זיינע רייד,
דעם צו שעצען, דעם — פעראכטען,
ווייסט איהר באלד אנ'אונטערשייד!
שליסט נאָר אויף זיין הארץ גיכער,
וועט איהר אייביג בענשען מיך,
ניט א דרעה, ווייסט איהר שוין זיכער,
וואָס'ער שטאָפט איהר האָט פאר זיך!...

1885

# דער אידישער „גראַזשדאַנסקי בראַק“ (1)

1

אונלאנגסט האָט מען מיט מיר א געשפרעך געמאַכט
וועגען א חופה אין קאָהרשוהל ביי דעם אַלטאַר,
„ווי די צערעמאָניע איז שעהן א פּראַכט,
„און עס מאַכט אן איינדרוק אויף די יונגע פּאָאר“

2

דאָס האָט מיר גערדריקט, ווי די וואַרהייט צו בעקאָנען,
צו אָפּפערן א שטונדע פון מיין ביסעל יאָהרען,
צו בעטראכטען די טרויאונגען פון אַנדערע נאַציאָנען,
און צו שטעהן ביי'ן רעכט אונזערע רעפאָרמאָרען:

3

די ליעבע נעהמט ניט אָן קיין בעפעהל פון צווייטען,
הייסען איהר: דעם ליעב! דעם ניין!

איהר העלפט קיין דריקען, קיין נויטען, קיין קייטען,
זי פרעגט ניט קיינעם, נאר זיך אליין.

4

און ווען עס טרעפט קאנטראסטע כאראקטערען,
וועלכע קענען פארט ניט לעבען צוזאמען,
מוז דאך מיט געוואלד געשיידעט ווערען,
דען יעדער קען זיין הארץ ניט צאמען.

5

דארום זיינען אפט עהע פאאר געצוואונגען,
אהן אגט צושיידען זיך, יעדערער באזונדער,
יעדער אין זיין וואהנונג, בעקומט וואס איהם איז געלונגען־
און דער ווילדער ראזווראט,2) איז אונז מעהר קיין וואונדער.

6

ועמען פון אונז איז ניט געקומען צום האנד,
צו זעהען ביי די פרייע לייט גאנץ אפט די סצענע?
ווען זיי קומען צוזאמען, ווערט גערעדט נאכאנאנד,
ווי די ליעבט דעם, און דער ליעבט יענע...—

7

דער נייעצעהנטער יאהר־הונדערט האט אנגעהויבען
פיהלען,
אז דער נאראד איז אומגליקליך, עס איז זעהר ניט געשמאק,
אומטרייהייט און פאלשקייט טוען וואס זיי ווילען —
אט האט מען רעפארמירט „א גראזדאנסקען בראק!“

8

ווען ביי בײדען איז צו הייראטהען פערבליעבען,
זאל מען ניט ברויכען קיין דוכאוונע לייט,
נור אין נאטאריוס ווערט א קאנטראקט געשריבען
אז זיי האבען חתונה אויף א בעשטימטע צייט.

9
דיזע צייט זאָלען זיי וואוינען אין איין הויז,
זאָלען זיך לעבען אָרענטליך, רוהיג, שטיל,
אָבער נאָך דער צייט ווערט יעדערער לויז,
און קען זיך הייראטען, וועמען דאָס וויל.

10
נאָכ'ן סראָק קומט יעדען באזונדער
זיין קאַפּיטאל וועלכען ער לעגט פון פריהער,
זיי דאַרפען זיך אליין צוטהיילען מיט די קינדער:
אינגלאך צו איהם, און מיידלאך צו איהר.

11
אָט דאָס איז די הויפּט פּונקטען פון א 'גראַזדאַנסקען בראַק'
וואָס אין דיזען יאָהר הונדערט איז אין אייראָפּא ארוים;
אָהנע גייסטליכע צינדט מען אָן דעם עהע־פלאק,(3
און אָהנע גייסטליכע לעשט מען זיי אוים.

12
קוים אָבער איז דאָס אָפּגעלאָפען א יאָהר צעהן,
האָט מען שוין דאָ געפונען פעהלערען איבעראל.
דעם עולם הויבט זיך אָן ארום צו זעהען,
אז דער גראַזדאַנסקער בראַק איז ביטער, ווי גאַל!

13
ערשטענס: ווערען די קינדער שלעכט ערצויגען,
כמעט אָהנע עלטערען, ווי אין וואַלד די טהירע:
ער קוקט אויף די מיידלאך מיט פרעמדע אויגען,
זי — אויף די אינגלאך, ווי דאָס איז ניט איהרע.

14
דען די פאָטערליכע ליעבע איז נור דאן א פיינע,
ווען די איינבילדונגס קראַפט געהט מיט פון דער ערשטער
שטונדע;

קוים פיהלט ער ביי זיך אז דאָס איז ניט זיינע,
ליידט ער זיי ניט, ווערט פרעמד פון סעקונדע.

15
די מוטערליכע ליעבע איז אוועק ניט בעסער,
ווען די איינבילדונגס־קראפט מאַכט איהר בונד לויז.
די שנאה צו די אינגלאך ווערט פון טאָג גרעסער;
ווי לעבעדיגע יתומים, האָרעווען זיי זיך אין הויז.

16
צווייטענס: האָט יעדערער נור פרעמדע אין זין;
זי איז אן אויביגע כלה, ער — אן אויביגער חתן,
ביידע פערזיכערען פרעמדע, אז באלד ווי עס ענדיגט זיך
דער טערמין,
וועט ווערען ביי זיי א פארטיי געשלאָסען.

17
זי איז דאָך געצוואונגען איהר צוקונפט פארזאָרגען
מוז זי איהר אייגעננוץ זוכען בעצייטען;
אָט ענדיגט זיך איהר טערמין, היינט אָבער מאָרגען,
זאָל ער הייראטען, און זי וועט שטעהן פון וייטען?

18
דריטענס: קען ער איהר זיין קאַפּיטאל ניט טרויען,
דען סוף כל סוף, איז זי דאָך ניט זיינע;
זאָל זי דען פארזאָרגען זיינע שפּעטערע פּ־ויען?
איז זי ניט גערעכט? איז דאָס ניט א ריכטיגע טענה?

19
פערטענס: האָט ער ניט קיין חבר אין לעבען,
מיט וועמען זיך בעראטהען אין אלע פאַכען;
מאָרגען וועט זי איהר ליעבע א צווייטען אוועק געבען
און מיט זיינעם א סוד קען זי איהם אומגליקליך מאַכען...

20
בכן איז דער גראַזדאַנסקער בראַק א שרעק.
אונגליק, ראַזווראַט, ליגט נור דערינען;
ווער ווייסט, פיעל צייט וועט נאָך אוועק.
ביז מען וועט דעם ריכטיגען וועג געפינען.
* * *

21
דעם אידענס הייראטה, עקזעסטירט פון משה רבנו
און טראָגט אויף זיך קיינע צערעמאָניע.
מיר לעבען אין איהר גליקליך פון אבות אבותינו;
דער מאַן שעצט די פרוי און איהם שעצט זי.

22
ניט קיין נאָטאַריוס־ביורא איז פון טרויאונג דער גרונד;
אונטער גאָטעס הימעל, אלע קענען זעהען.
ניט קיין שריפטליכער אַקט שליעסט דיעזען בונד:
מסדר קידושין, ווער עס וויל ווער עס קען.

23
ניט קיין בעדינגונגען פאר דעם אלטאַר,
אין צערעמאָניען געהט דאָס ניט אריין;
אויב עס טרעפט קיין איינשטימונג ביי דער פּאָאר
קען דער קלענסטער רב'ל דער אָפּבינדער זיין.

24
די חתונה איז ביי אונז פון אַלטע צייטען אָן
א גראַזדאַנסקער בראַק, נאָר אָהן א צייט —
די כתובה אלס קאָנטראַקט, פאר אלעמען גלייך נדן,
אום ניט צו פערשעמען די אָרעמע לייט.

25
א גראַזדאַנסקער בראַק, נאָר אָהן יענע חסרונות,
אָהן פאַלשקייט און ליעבע, ווי ביי לייטען קומט פאָר...

אָהנע ראַזוראַט, אָהנע עונות:
צוטרויען, טרייהייט, איז ביי א אידישע פּאָר.

26
שוין דריי טויזענד יאָהר, אז דיעזער בראַק
עקזעסטירט און לייכט מיט גלאַנץ ביי אידען.
אנטיסעמיטען מוזען אויך מודה זיין דעם פּסק,
אז דער איד אין זיין פאַמיליע לעבט העכסט צופרידען.

27
דער איד פאר זיין פאַמיליע טראָגט אלע שווערינקייטען,
געהט געשפּאַנט און לויפט, מאַכט זיך קיינמאָל לויז,
ניט ווי עס טרעפט סצענעס ביי לייטען:
ער קוקט נאָר אויף זיך, וואָס אַרט איהם די הויז?

28
דערפאר צוריק, די אידישע פרויען
בלייבען זייערע מאַנען טריי אויפ'ן גאַנצען לעבען,
אלע זיינע סודות קען דער מאן דער פרוי פארטרויען,
זיין געלט גאַנץ זיכער איהר אין האַנד אָפּגעבען.

29
ער פאָהרט אין וועג, זיין האַרץ בלייבט רוהיג.
אומפּאַסינגעס וועט אין הויז ניט געהן...
דאָס אידישע מיידעל איז ערצויגען, איז פעהיג:
איהר האַרץ געהערט, צו איהר מאַן אליין.

30
ער דאַרף דאָס געוואוינליך ביי איהר פארדיענען,
מיט שעצען, מיט ליעבען, אין גאַנצען זיך איבערגעבען;
דאַן שטימען די הערצער, עס האַרמאָנירט דער זינען, —
און געניסען אייביג א גליקליכען לעבען.

31
וואָס טוהען אָבער אונזערע רעפאָרמירטע אידען,
בלינדערהייט זוכט מען צערעמאָניעס צו מאַכען,
מיט אידישע מנהגים קען מען זיין צופריעדען ?
„ווי באַלד דאָס איז אידיש איז עקעלהאַפט, צו לאַכען!"

32
יענער וויל לויז ווערען פון די שווערע קייטען ;
ער איז אומגליקליך דערפון, ער טראָגט עס אריבער ;
און דער ווי אן אַפּפּע, טהוט נאָך דעם צווייטען
און קריכט אין פּאַסטקע, ווי יענער ביבער.

33
ווי א נעץ פאר פויגלאך, מיט קערנער בעשאָטען :
די וואָס שטעהט אינעווייניג, וויל פון דרויסען זיין ;
און די וואָס איז פריי, גיט זיך קיין אַטשאָטען
און געהט זעלבסט אליין אין נעץ אריין...

34
שילער זאָגט : ווען אידען וואָלטען פאָלגען זייער רבי'ן,
געהן אין משה'ס וועג, היטען זיין פאַרזאָג,
וואָלטען זיי זיין גליקליך, זייער גאַנצען לעבען,
און זיי וואָלטען געשעצט זיין, ביז היינטיגען טאָג...

35
ווען א סוחר וויים ניט זיין אייגענס אקוראַט,
קען מיט דערצייט פאַרזינקען זיין קאַפּיטאל ;
און אזוי ווי א באַלאַנס איז נויטיג דעם פרט,
אזוי איז נאָך מעהרער נויטיג דעם כלל.

36
משה האָט ביי אידען שמיטת כספים געמאַכט
אלע זיעבען יאָהר, צו בערעכענען דעם פינאַנס,

ווען דער בעל חוב צאָהלט ניט ביז ערב שבועות פארנאַכט
איז דער חוב פארלאָרען, און מען וויים א באַלאַנס.

37
פיעל שטורעמט דאָס היינט די וועלט מיט א פראַגע:
וואָס איינער האָט ער טויזענדער דעסיאַטין,4)
און מיליאָנען בירגער אין אן אומגליקליכע לאַגע —
האָבען הענד, מיט קראַפט, אָבער ערד — קיין אַרשין!

38
און משה האָט פארזאָגט אלעס אויפ'ן האָר,
געשטעלט אויף אלעס א צייט מיט א מאָס,
אז אלע יובל, אלע פופציג יאָהר,
קערט זיך אום די ערד צו איהר בעל הבית.

39
ווען אמעריקא האָט זיך געגעבען וועגען די נעגערס
א בייזער,
צו וועגען די שקלאַפען, וואָס אייראָפּע האָט צו טאָן,
ביז עס איז געקומען אונזער זעליגער קייזער
האָט בעפרייט פון פּאַראַנסטוואָ דריי און צוואנציג מיליאָן5)

40
און משה האָט געשטעלט ביי' זיינע ברידער
אז דער קנעכט ווערט לויז, ווען זעקס יאָהר געהט פערביי;
מען בויערט זיין אויער, ווען ער וויל דיענען ווידער;
דאן דיענט ער ביז יובל, זיין פאמיליע בלייבט פריי.

41
פון יעצטיגע צייט אלע פראַגען די גרויסע,
וועלכע מען רעכענט פאר ניי־ערפונדענע, —
האָט שוין דאמאלס אונזער תורת משה
אלעס פארזאָרגט, מיט געזעצען געבונדענע.

42
קומען מענשען, מיט קורצזיכטיגע בליקען,
פערשטעהן פיעל די אפפען, נור דעם צווייטען נאָכאַמען;
און ווילען מיט זייער רעפאָרם, דאס יודענטהום בעגליקען,
עס זאָל ניט וויסענדיג אין א שפאַן זיך איינצאַמען.

43
נאָך נאָך אלע דעבאַטען, זאָל מען קוקען אין פשט,
וואו דאָס לעבען איז טרייער, אין יאָהרען פערלויף:
ביי די וועלכע האָבען אין קאָהרשול חתונה געהאַט?
ביי די, וואָס זייער חופה איז געווען אויפ'ן הויף?

1882

# צו דעם צעהנרובעלדיגען בילעט

## א.

דו צעהנער־בילעט! קענסטו מיר ניט זאָגען,
פון דער צייט וואָס מען האָט דיך געמאַכט;
וואָסערע הענט האָבען דיך איבערגעטראָגען,
ביז מען האָט דיך צו מיר געבראַכט? — —
געוויס האָסטו סעקרעטען בעהאַלטען פערשלאָסען,
צו וויסען וואָלט איך זעהר געלוסט,
וואָלסט קענען ריידען, וואָלסט האָבען אַ לשון,
וואָלט איך פון דיר פיעל געוואוסט.

## ב.

פיעל מאָל האָט מען דיך לאַפקע געגעבען,
און דוקא א דין א קרומען;

בתורת הלואה מעג מען דאָך כ'לעבען!
דאָס רופט זיך ניט לאפּקע גענומען!
וואו ליגט דער הורג טויט געשלאָגען,
וואָס מען האָט דיך פון זיין בוזים גענומען,
זיין ווייב און קינדער וויינען און קלאָגען,
און איז נאָך צו קבר ישראל ניט געקומען.

ג.

פיעל מאָל האָט מען פאר דיר געקויפט מתנות
יענעמס פרוי א פרעזענט געגעבען;
און ווען איהר מאַן איז אין וועג, אין סכנות,
איז דאָ דערוויייל אַ זודיגער לעבען...
פיעל מאָל האָט דיך איינער אין גאַס פערלאָרען,
וואָס זיין האָפּענונג פון יום־טוב איז געווען אויף דיר,
און יענער האָט געפונען און פאַלש אָפּגעשוואָרען,
זיינע טרעהרען, זיין חלש'ען, גיט איהם ניט אַ ריהר.

ד.

פיעל מאָל האָבען אָבשצעסטוואָ1) גענומען משכנות,
ביז דער אביון ברייננגט דיר אין קהל שטיבעל אריין,
און שיקען דיר אין שיינק (אָה, אישרנות?)
און מען טראגט ארויף גענזלאך, בראנפּען און וויין,
פיעל מאָל האָט מען דיר פּדיון גענומען,
ביי אַן אָרעמע עגונה וואָס געהט זוכען איהר מאַן;
און ער ענטפערט איהר מיט זיין לשון דעם שטומען,
„פאָהר ווייטער! וועסט געפינען!" (אָה, אַן אָבמאַן!)2)

ה.

פיליייכט ביזטו דאָס די זעלבע, וואָס אַן אָרעם־בחור פון קלויז,
האָט דיך ארויס גע'גנב'עט ביי אַן אלטער סגי נהור?

וואָס ער האַלט דיר אויף תכריכים אין די אייביגע הויז,

פון זיינע קלאָגען און טענות שטעלט זיך קאַפּויר די האָר,
פיעל מאָל האָט זיך אַ ניט היגער איד פאר א חתן פערשטעלט;
כלומרשט אַ רב אין אַ זופּיצע, אין אַ האַלבע לבנה.
האָט מקדש געווען אַ מיידעל גענומען דיר מיט נאָך געלט,
אויף מאָרגען ויברח — און זי בלייבט אַן עגונה!

ו.

פיעל מאָל האָט זיך א פּיסקאל פאר א רעווּעזאָר פערשטעלט
געגאנגען איבער אכסניות זוכען טארגאָווליע אָהן א בילעט,
און האָט גענומען דיר מיט נאָך... לא יחרץ געלט,
און נאָך סחורה דערצו פאר דעם גרויסען חטא.
פיעל מאָל ביזטו שוין ביי חברא קדישא געווען?
געלאָזט ליגען דעם מת פיל זיי האָבען אליין געוואָלט.
די אלמנה (אָה, איהרע טרעהרען, ווער קען עס זעהען!)
פערזעצט איהר קליידעל געבראכט דיך פאר קבורה־געלט.

ז.

פיעל מאָל האָסטו געקוקט דעם מלוה אין די אויגען,
ווי ער האָט באריסען פּראָצענט פיעל ער האָט אַליין געוואָלט,
און אויב איפ׳ן מאָנאַט האָט א טאָג איבער געצויגען, —
פּילט ער אוי׳ס דעם וועקסעל, מאָנט איבער נייעס געלט.
פיעל מאָל האָט דיך יענער צום איזבאָרשציק געגעבען,

פאר היטען זיך פון רעקרוטען (פערפאלען אין תהום)
און אז ער האט איהם שטענדיג געשמאקטשעט דעם לעבען,
כאפט ער איהם פלוצלונג, און געפיהרט צום פריאם!

ח.

פיעל מאל ביזטו פון גאלד־שמיד געפלויגען ווי מיט פליעגעל,
צום גנב אין האנד וואס האט זילבער געבראכט,
און פאר דיר אין די אויגען צושמעלצט ער אין טיגעל,
און א בעל הבית ווערט פערארעמט איבער איין נאכט,
אפשר האט דיך געהאלטען אין קאמאר דער בלינדער,
בשעת זיין ווייב האט בע׳גנב׳עט גאר זיין געלט,
און האט איהם נאך איבערגעלאזען פאר קליינע קינדער,
און אוועק מיט איהר געליעבטען אין דער גרויסער וועלט.

ט.

פילייכט ביזטו אויך געווען אין די סומע געלט אצינד,
וואס די גזלנים האבען צוגענומען אין אן איינפאהר־הויז,
און האבען צוקוילעט א גאנצע געזינד —
א בעל הבית מיט זעקס קינדער און א בחור פון קלויז?
פיעל מאל ביזטו געווען אין א פערענע איינגענעהט,
וואס יענע אידענע האט דיך גע׳גנב׳עט פון מאן,
און אז איהרע קינדער מעגען זיצען אכט טאג אהן ברויט,
ווערט זי א גראשען ניט געבען, די ווילדע טיראן.

י.

איך האב פאר דיר נאך א פולע סחורה,
איך האב דיך צו פרעגען מעשיות סכ־ען —
נאר איך וויל ניט ריידען, כ׳לעבען, איך האב מורא,
איך לייד שוין גענוג פון אזעלכע זאכען.

איך וואָלט דיך נאָך פרעגען פון פיעלע ערטער,
און עס וואָלט בלייבען בסוד צווישען אונז ביידען,
אין אַ ביכעל עפּענטליך מוז מען צעהלען די ווערטער —
אַ שאַדען כ׳לעבען, וואָס דו קענסט ניט ליידען.

# דער קלוגער אָרימאַן

מתוקה שנת העבד אם־מעט
ואם - הרבה יאכל והשבע
לעשיר איננו מניח לו לישון
(קהלת ה, יא)

במיתר העשיר, יגלה חסרונו.
ובמחסור העני, ימצא יתרונו.

אין דעם קציז׳ס רייכקייט
געפינט ער קיין רוהיגקייט.
און אין זיין אָרעמקייט
געפינט ער צופרידענהייט.

## א

איך פרעג דעם גביר,
ער פיהרט א וועלט
האָט גרויסע געשעפטען
וואָס טראָגען געלט;
און מיך האלט גאָט
גאָר ניט אין אכט,
אין מיהע פערברייננ איך
טאָג און נאכט.

נאָר ער לעבט מיט טומעל
דער קאָפּ איהם דרעהט ;
אויף שבעה ימים
איז זיין געלט צושפּרייט ;
און איך בין רוהיג
אין אלע פאל
בין אייביג זיכער
מיט מיין קאפּיטאל.

ב

זיינע יונגען טוען
אויף זיין פאַרמאָג ;
זיין קאפּיטאל שטייגט
פון טאָג צו טאָג.
איך האָרעווע אליין
טעג און נעכט ;
נאָר מיינע הענט
זיינען מיינע קנעכט.

---

נאָר ער איז אין זאָרג
צייט זיין קויפען ;
זיי קענען בע׳גנב׳ענען
און אנטלויפען.
און איך פאַרשפּאָר דאָס
איך לעב מיר פריי.
מיינע הענט ביי מיר
בלייבען אייביג טריי.

ג

זיין טיש איז געדעקט
מיט פליישׁ און פישׁ ;

און וואָס נאָר פעט,
און וואָס נאָר זים;
איך האָב נישט!
נאָר פערשמאכט פון נויט;
מעהר האָב איך נישט,
ווי טרוקען ברויט.

---

נאָר וואָס ער עסט,
פיעל שפייזען מעהר,
פערלעגט ער דעם מאָגען
און פערדייט דאָס שווער.
איך עס נאָר איינס
ניט אלסדינג
פערדייט מיין מאָגען
גיך און גרינג.

ד

וויינען האָט ער
אָהן א שיעור;
פאָרטער, בראנפען,
בייערס־ביער;
איך האָב זיך ניט
מיט וואָס צו קוויקען,
מיין מויל פערשמאכט,
מיין הארץ — איז טרוקען.

---

אָבער די משקה
טהוט איהם באנג,
פעהלט איהם אמאָל, —

מאכט דאָס איהם קראנק.
איך האָב קיין מאנגעל
קיין איין מינוט.
קאלטע וואסער
איז געשמאק און גוט.

ה

זיין קארק איז פעט.
די אויגען הויך,
זיין קערפּער דיק
און א גראָבע בויך;
איך בין מאָגער —
נאָר א הוילער ביין.
איך האָב אין מיר נישט
נאָר דאָס הארץ אליין.

---

אָבער ער איז דום,
נאָר זיין בויך איז פול;
זיין הארץ איז לעער,
זיין קאָפּ איז דול.
איך בין נישט פּוסט
פערשטאַנד האָב איך;
מיין הארץ און געפיהל
האָב איך ביי זיך.

ו

ער קוקט פון דער הויך
אויף מיר מיט שאנד;
איך בעטרעף ביי איהם
ווי א פליג אויפ'ן וואַנט.
איך בין געמיין,

נידעריג אויך,
ווי דער ווארעם קליין,
און ער איז הויך.

---

נאר ווי קליין, ווי שפל
קען ער אויסזעהן,
בשעת איך בעשרייב איהם
מיט מיין פען.
מיין קליינער שטאנד
טהוט מיך ניט באנג
איך בין מיר הויך
גאט זיי דאנק!

ז

האט שפייכלער הייזער
מיט פראכט און צוכט
פערגעניגען, סארען
מיט גוטע פרוכט.
איך בין געמיין
אהן מוטה, אהן דרייסט, —
נאר איין גאט
איז מיין טרייסט.

---

נאר ער זארגט
יעדען אויגענבליק,
פיליכט אנטלויפט
פון איהם דאס גליק.
און איך פערשפאר
דעם קלאפאט

גאָט איז מיט מיר
און איך מיט גאָט.

ח

ער האָט פּוטערס
רויכיג שווער;
געהט געפּעלצט,
ווי דער בער.
איך געה נאַקעט
אין גאַס אַרויס,
מיין אַלטע קלייד
דעקט צו מיין פלייש.

---

נאָר זיין לייב איז צאַרט
צו פערקיהלען זיך;
עטוואָס א ווינט
פערשאַדט איהם גיך.
איך האָב קיין פורכט
פאַר די קאַלטע געסט,
איך בין געוואוינט
מיט קעלט, מיט פרעסט.

ט

ער האָט אַן אַלטאַנקע
זיך צו שיצען;
צו קיהלען זיך זומער
פון גרויסע היצען.
מיר ברענט די זון
מיט איהר גרויסער מאַכט
עס שרפה'עט מיר
פון פריה ביז נאַכט.

---

נאָר ער האָט פיעל בלוט
מיט א דיקען קאָרק;
זיין געבליט שפּיעלט
דאָס היצט איהם שטאַרק.
איך, ווען די זון
טהוט ברענען, בראָטען, —
איז גאָט מיין שיצונג
און מיין קיהלער שאָטען.
ו
ביי איהם אין פענסטער
פויגלאך זינגען.
מוזיק קאָמפּלעטען
שפּיעלען, קלינגען, —
איך וויים קיינמאָל
קיין פערגעניגען,
די פּען פון די פויגעל
איז מיין פידעלס ניגון.

---

נאָר די אלע לוסטען
איהם וועניג פרעהט;
פון די געשעפטען
דער קאָפּ איהם דרעהט;
מיין פערגעניגען
געהט ניט צו שטראַנד,
מיין פּען מיט מיר
איז אייביג באַנאַנד.
יא
ער פאָהרט אין קאראטען
מיט דינער שטריינג,

מיט דריי פּאָר פערד
אין דער לײנג;
איך געה צו פוס אויס,
די גאנצע שטאָט
נאָר מיין שטעקען
איז מיין קאראָט.

---

נאָר די פערד
קענען זיך צוויאָגען
איז ער אין געפאהר
זיי וועלען איהם צוטראָגען;
איך געה מיר לאנגזאם,
אָהן שרעק, אָהן צער, — —
מיט מיינע פערד
האָב איך קיין געפאהר.

יב

ער שלאָפט אין ספּיילנע[1]
אויף פערענעס פוך,
מיט זיידענע בעט־צייג
דעקעס פון טוך;
איך נעבאך שלאָף
אויף א הווילער ברעט
אַ זאק א גראָבען —
אונטערגעבעט.

---

נאָר ער ליגט ניט רוהיג —
רק ער טראכט;
קעהרט זיך, וואַרפט זיך
שלאָפט קיין נאכט.

איך לעג מיר שלאָפען
פון פראצע, פון מיה, —
שלאָף איך געשמאק
ביז אין דער פריה.

יג

ער נעהמט א פרוי
אַ בילד מיט חן
געהט געקליידעט
וואונדער שעהן ;
און מיין ווייב
וואָס איך נעהם פאר זיך
איז נאקעט הויל
א פארשוין ווי איך.

---

נאָר ער מוז דאָס בילד
היטען, שפירען,
פילייכט מיט פרעמדע
וויל זי ראָמאַנסירען ;
מיין ווייב'ס געשטאַלט
פערהיט דאָס איהר,
זי היט ניט קיינעם,
מעהר ניט ווי מיר.

יד

קינדער האָט ער,
געפוצטע פראנטען,
שיינען, לייכטען,
ווי בריליאנטען ;
איך האָב קינדער
אַ היבש געזינט

און אלע געזיכטען
שוואַרץ ווי טינט.

---

נאָר ער ווערט פערשעהמט
אומעטום;
די קינדער אלע
זיינען דום;
און מיינע קינדער
האָב איך אויסגעשטעלט
זיי זאָלען נוצען
פאר דער וועלט.

טו

מיט זיין רייכטום
קען ער אלע צייט
טהאָן גוטעס
מיט אָרעמע לייט.
דער גוסט פון וועלען
איז ביי מיר פאראַנגען
איך וויל טהאָן גוטעס
נאָר ניטאָ פון וואַנען.

---

די האנט פערקוועטשט ער
זיין גאַנצען לעבען;
וויל רק נעמען
און ניט געבען;
איך דאנק גאָט
פאר מיינע געפיהלען;
איך שטים אייביג
מיט מיין ווילען.

## טז

ער האָט פריינד —
די גרעסטע לייטען;
מאכען איהם עהרע
אַלע צייטען.
מיין פריינד ווער איז
ווען איך בין געמיין?
אן אביון, א קבצן,
ווי איך אליין.

---

נאָר ער ליעבט ניט איהם,
ער ליעבט זיין געלט,
ער ווערט איהם ניט דערקאָנען,
ווען דאָס גליק פעהלט;
טרעפט מיר חלילה,
א סיבה היינט
בלייבט מיין חבר
מיין גוטער פריינד.

## יז

ער האָט פיעל אוצרות
מיט טויזענד שלעסער,
פון זיין הוצאה
איז די הכנסה גרעסער,
איך בין פערקערט
מיט ווייניג פרנסה,
מיין הוצאה גרעסער
פון מיין הכנסה.

---

נאָר ער איז אָרעם
מיט זיינע געלט,
ווייל ער וויל נאָך
רק איהם פעהלט;
איך בין גאַנץ רייך
מיט גאָטעס־גאָב
ווייל איך בין צופרידען
מיט וואָס איך האָב.

יח

וואָס דארף ער האָפען
אויף נאָך א וועלט
אַז דאָ אויף דער ערד
לעבט ער און קוועלט;
איך לעב דאָ
מיט שמערץ און פיין;
צרות לייד
ביז אין גרוב אריין.

---

נאָר אז ער דערמאָנט זיך
אָן דעם טאָג פון טויט;
פלאַצט איהם דאָס האַרץ
עס ציטערט זיין הויט;
איך האָב זיך
האָפענונג געגעבען;
אָט בין איך אומשטערבליך
מיין גאַנצען לעבען.

1858

# די שרייב פעדער

מדוע פניך רעים ואתה אינך
חולה אין זה כי־אם רע לב.
(נחמי׳ ב, ב)

א

זאָג מיר, דו שעהנע פעדער,
איך קאָן דיר ניט פארשטעהן;
דיך בענוצט דאָך יעדער
פון גרויס ביז קליין;
ביי קייזערליכע מיניסטאָרען,
און אין אלע קאַנטאָרען,
פירשטען און גראפען
טהוען זיך מיט דיר שאַפען,
טו זאָג מיר דיין צער,
דיין זאָרג, דיין שמארץ,
וואָס דיין הארץ איז דאַר
און דיין פנים איז שווארץ.

ב

אַז איך נעהם מיר אָן דיר דערמאָהנען,
דיינע טובות אויף דער וועלט אַז איך שפיר,
ווי דו שפייזט מענשען מיליאָנען,
אַ האלבע וועלט לעבט נאָר פון דיר;
דו שטיצט ווי א וואנד
פון מאַנגעל, פון נויט, —
ווער עס האלט דיר אין האנט

פעדדיענט שוין זיין ברויט ;
טו זאָג מיר דיין צער,
דיין זאָרג, דיין שמערץ,
וואָס דיין הארץ איז דיר דאַר
און דיין פּנים איז שווארץ.

ג

ווען דער קייזער בעגיטיגט א נאַציאָן,
ווי א פאָטער זיין אייגען קינד,
אַ מאַניפעסט א גוטער קומט אָן
און איז מחיה נפשות אצינד,
ביזטו פריהער די איינע,
וואָס דו ווייסט די זאקאָנען
מיט דיין מיילכעלע די קליינע
דערפרעהסטו מענשען מיליאָנען ;
טאָ זאָג מיר דיין צער,
דיין זאָרג, דיין שמארץ, —
וואָס דיין הארץ איז דיר דאַר
און דיין פּנים איז שווארץ.

ד

ביים פילאָזאָף אין זיין געצעלט
טהוסטו זיך ביי איהם געפינען,
וואָס ער מאכט גליקליך די וועלט
מיט זיינע קינסטליכע מאשינען ;
און ביי ארכיטעקטען,
און ביי אינזשענירען
ווייסט פון די סעקרעטען1)
וואָס זיי נאָר בעקלערען ;
טאָ זאָג מיר דיין צער,
דיין פּיין, דיין שמארץ,

וואָס דיין הארץ איז דיר דאַר
און דיין פּנים איז שוואַרץ.

ה

צי איז דען דאָ א געשעפט אויף דער וועלט,
וואָס מען זאָל אָהן דיר אויסקומען ? —
דו געדענקסט חובות־געלט,
דו געדענקסט הלוואות מזומן,
אַז דער זכרון איז קליין,
עס טומלען די רעיונות,
געדענקסטו אליין
אַלע חשבונות;
טאָ זאָג מיר דיין צער,
דיין זאָרג, דיין שמאַרץ, —
וואָס דיין הארץ איז דיר דאַר
און דיין פּנים איז שוואַרץ.

ו

דו זאָגסט אָן שמחות פון ווייט,
אויך געווינסען פון לאָטעריי,
אַז מען דערלעבט די גליקליכע צייט,
בעמערק נאָר די שמחה פון זיי ;
שרייבסט צו זיי אין די ערטער
מיט דיין מינע די טרייע,
מיט איינע צוויי ווערטער
ביזטו מענשען מחיה ;
טאָ זאָג מיר דיין צער,
דיין זאָרג, דיין שמאַרץ, —
וואָס דיין הארץ איז דיר דאַר
און דיין פּנים איז שוואַרץ.

ז

ווען צוויי פריינד זיינען פון ווייטען
און ווילען צוזאמען ריידען,
קומסטו צוגעהן צו־צייטען
און רעדסט מיט זיי ביידען; —
מיט דיינע אויסדריקען
טהוט יענער זיך קוויקען,
מיט דיין שעהנעם לשון
ווערען הערצער געשלאָסען;
טאָ זאָג מיר דיין צער,
דיין זאָרג, דיין שמארץ, —
וואָס דיין הארץ איז דיר דאַר
און דיין פנים שווארץ.

ח

רייזט איינער אין וועג, צי אין שיף,
און לאָזט אין דער היים הויז־געזינד;
ער וואָלט וועלען האָבען א בעגריף,
וואָס מאכט דאָרט זיין ווייב און קינד.
זיינע ווערטער שיקסטו,
ביזט ווערט א קוש,
די עלענדע דערקוויקסטו
מיט דיין הארצליכען גרוס;
טאָ זאָג מיר דיין צער, —
דיין פיין, דיין שמארץ, —
וואָס דיין הארץ איז דיר דאַר
און דיין פנים איז שווארץ.

ט

דער שדכן פון חתן־כלה
ביזטו דער ערשטער פאראן;

דיך רופט מען פריהער פון אלע
דו צעהלסט אויס די נדן
די כתובה שרייבסטו
ווי די טרויאונג צו געבען
דעם אינהאלט ווייזטו
ווי פריינדליך צו לעבען;
טאַ זאָג מיר דיין צער,
דיין זאָרג, דיין שמאַרץ, —
וואָס דאָס הארץ איז דיר דאַר
און דיין פּנים איז שוואַרץ.

י

אַ קינד מען גיט איבער אויף קעסט
ווייט צו שוויגער און שווער;
ווי אַ פויגעל פאַרפליהט פון זיין נעסט,
מען ווייס ניט וואָס דאָרט איז דער מעהר. —
ווי גרויס איז דיין זכיה,
ביי די ערשטע מינוט,
גיסטו עלטערען אַ ידיעה
אַז דאָס קינד איז דאָרט גוט;
טאַ זאָג מיר דיין צער,
דיין זאָרג, דיין שמאַרץ, —
וואָס דיין הארץ איז דיר דאַר
און דיין פּנים איז שוואַרץ.

יא

דו שרייבסט אָפּ צוואות,
יורשים זאָלען זיך ניט קריגען,
דו שרייבסט הכנסות, הוצאות, —
מיט דער עקאָנאָמיע זיך צו קליגען;
היינט וועקסלען־סאַבראַנעס

און אין אלערפאַך קרעדיטען,
עס העלפט שוין ניט קיין טענות
ווען דו ביזט דאָ אין מיטען;
טאָ זאָג מיר דיין צער,
דיין זאָרג, דיין שמארץ, —
וואָס דיין הארץ איז דיר דאַר
און דיין פּנים איז שווארץ.

יב

דיינע מעשים איז א מורא,
וואָס דו טהוסט אויף דיין לעבען;
דו שרייבסט אונז די הייליגע תורה,
וואָס גאָט האָט אונז געגעבען,
פון פרומע מענשען אלערליי
שרייבסטו זייערע ביכער,
אז מען פאָלגט נאָך זיי
לעבט מען רוהיג און זיכער;
טאָ זאָג מיר דיין צער,
דיין זאָרג, דיין שמארץ, —
וואָס דיין הארץ איז דיר דאַר
און דיין פּנים איז שווארץ.

# ענטפער פון די פעדער

כי־רבות אנחותי ולבי דוי
(איכה א, כב)

דיר, דו מענש, וואָלט איך פרעגען,
דו ווייזט רק מיינע גוטע פּלאנען,
פאר וואָס זשע קוקסטו ניט דערקעגען
וואָס מען טהוט מיר אָפּ אָבמאנען,

אַז איך פאַל אָפּט אַריין
צו שעלכטע מענשען אין די הענט,
איך ווייל זיי טריי ניט זיין
אָבער ניט אָן מיר איז דאָס געווענדט;
די פאַלשקייט מיך אַרט,
עס פּלאַצט מיר מיין האַרץ;
דרום בין איך אויסגעדאַרט,
דרום בין איך שוואַרץ.

יד

דאָרט געהט איינער אַרום
און מאַכט נאָך פאַלשע אונטערשריפטען;
וויקלען זיך אַרום מענשען אַרום,
ווי די שלאַנגען מיט די בייזע גיפטען;
יענער נעבאַך שווערט
ער האָט זיך צום פּאַפּיר ניט צוגעריהרט,
אָבער דער אמת ווערט ניט געהערט,
ווייל דער שקר עקסעסטירט;
איך בין איידעל און צאַרט, —
דאָס פערטראָגט ניט מיין האַרץ, —
דרום בין איך אויסגעדאַרט,
דרום בין איך שוואַרץ.

טו

מיט מיר, די אָרעמע פּען,
מאַכט יענער נאָך הסכמות פון רבנים,
וואָס ער האָט זיי קיינמאָל געזעהן
און ווייזט נאָך אויף טויזענדער סימנים;
אין די הסכמה שטעהט שבחים,
וואָס איז גאָר קיין קאַטאָוועס;
רופען זיך משולחים

און קלייבען נדבות ;
די וועלט בלייבט גענאַרט,
עס פלאצט מיר מיין הארץ ;
דרום בין איך אויסגעדארט,
דרום בין איך שוואַרץ.

טז

דער מאכט אנ'הלואה אויף זיין הויף,
און אנטלייהט ביז צוויי טויזענד רובעל ;
און גיט ארויס א פראווע דרויף,
אז ער קען זיך דאָס מאָהנען פונ'ם שטיבעל ;
דעם סוד זאָגט מען ניט אויס,
אַז זיין געלט איז ווי אין דער ערד,
ווארום עס קומט שוין אויף דער הויז
מעהר פיעל זי איז ווערטה.
איך טראכט ביי זיך — וואַרט !
ווערסט שוין דערקענען זיין הארץ ;
דרום בין איך אויסגעדאַרט,
דרום בין איך שווארץ.

יז

דאָרט זעה איך א פאָר פאָלק אין א שטוב,
ווי ער האלט איהר ווי א פויגעל אין נעסט ;
איהם זאָגט זי צו : „איך האָב דיך ליעב“—
און ראָמאנסירט מיט א פרעמדען גאנץ פעסט;
עס געהען צעטלאך שטילע
פון איינעם צום צווייטען.
איך וויל ניט שרייבען חלילה
נאָר מיט גוואלד טהוט מען מיך נויטען ;
ווי שפירט ער ניט, דער נאַר,
איהר פאלשע הארץ !

אוי, מיין הארץ איז מיר דאַר
און מיין פנים איז שווארץ.

יח

עס טרעפט אמאָל אויף א תנאים
זיינען דאָך ביידע צדדים פאראן;
איך ווייס זיי האָבען ביידע ענוים,
און מען זאָגט צו טויזענד רובעל נדן;
מען מיינט מען נאַרט לייטען,
אָבער מען נאַרט דאָס גאָר זיך,
און מיר קוועטשט מען די זייטען,
איך זאָל דעם ליגען שרייבען גיך.
זיי זיינען ביידע גענארט,
עס פלאצט מיר מיין הארץ, —
דרום בין איך אויסגעדארט,
דרום בין איך שווארץ.

יט.

א בריעף פון כלה'ס צד צום חתן'ס פאָטער,
מאכט דער שדכן פון איהרע מעלות חשבונות;
איך ווייס אז זי איז שווארץ, ווי א טאָטער
און האָט דערצו קליינע עונות...
איך ווייס גוט זיין בראָך,
מען נאַרט איהם אריין א דודע,
און איך מוז שרייבען דאָך
— „כלה נאָה וחסודה".
ער מיינט זי איז אָראר[2]
עס פלאצט מיר מיין הארץ, —
דרום בין איך דאַר,
דרום בין איך שווארץ.

כ

דאָרט זיצט זיך ביי נאכט א בעל שם,
און שרייבט מיט מיר אָפּ קמיעות,
ביי טאָג שפּארען זיך ווייבער צו איהם
און טראָגען אין הויפען מטבעות,
ער זאָגט צו די עקרות:
— „זשיד, דאַוואַי הראשי!“ — 3)
שלאָגט אָפּ מיט זיי כפּרות
און זאָגט „זה חליפתי“...
וואָס עס שטעהט אין זיין קמיע־קארט,
ווייס איך גוט ביי מיר אין הארץ;
דרום בין איך אויסגעדארט,
דרום בין איך שווארץ.

כא

אַמאָל זעה איך א סצענע אליין,
מיין בעל הבית קוים וואָס ער לעבט; —
קומט אן אומבאקאנטער דאָקטאָר צו געהן
און פערשרייבט מיט מיר א רעצעפּט;
און אין' פערשטעה גוט זיין פאלשקייט,
זיינע אומערבארעמליכע זיטען,
ער וויל דאָס פערציהען די קראַנקהייט,
ער זאָל האָבען מעהר וויזיטען.
דער חולה נעהמט די מעדיצין,
בעקומט ער מעהר שמארץ, —
דרום בין איך דאַר און דין,
דרום בין איך שווארץ.

כב

דער שרייבט שבחים אין א בריף,
אויף א טויגעניכטס וואָס לעבט פון אָבמאַן;

דער מיט א צעטעל בעגראבט ער טיעף
דעם גאנץ אָרענטליכען מאן.
דער שרייבט מיט מיר פּאַסקווילען,
און מאכט אָן חורבנות,
דער שטעלט צו נולען
צו קוויטען צו חשבונות.
איך דערהאלט ניט דעם צער,
עס פּלאצט מיר מיין הארץ.
דרום בין איך דאר,
דרום בין איך שווארץ.

כג.

פאל איך אריין צו אן אטהעאיסט
באוויין איך, באקלאָג איך די שעה;
ער בויגט מיך, ער קנייטשט מיך אומזיסט
איך זאָל שרייבען, אַז קיין גאָט איז ניטאָ;
ער לייקענט אָפּ תורת משה,
אלע מענשען רופט ער שקלאפען,
און איך וויים דאָך אויף דאָס געוויסע
ווער מיר האָט בעשאַפען.
צו מאכען דעם בעל אמונה פאר א נאַר,
דאָס פּלאצט מיר מיין הארץ.
דרום בין איך דאר,
און מיין פּנים איז שווארץ.

כד

איך זאָל ווען דערצעהלען באריכות,
וואָס מען האָט אמאָל געטאָן מיט מיר
איז גאָר ניט צו גלויבען די רציחות
און עס קען דאָ ניט סטייען די פּאַפּיר.
איך וועל אייך שוין ניט דערמאָנען

פון אנדערע נאַציאָנען,
נאָר שרייבען פון אידען דעם חידוש,
ווייל איך שרייב איצטער אידיש.
פון דעם שפּאנישען פּאָרמולאר
פלאצט מיר מיין הארץ,
דרום בין איך דאַר,
און מיין פּנים איז שווארץ.

כה

דאָרטען פעלגט מען דעם אידען נייטען,
ער זאָל אָננעהמען פון רוים די אמונה,
עס קלינגט מיר נאָך דער בריאַזג פון די קייטען,
איך געדיינק נאָך די אייזערנע קונע;
ווי מען האָט זיי גע׳משפּט מיט רשעות
מיט אלערליי מיתות,
און מיך פלעגט מען נאָך בעטען
צו שרייבען די דעקרעטען.
איידער זיי האָבען דעם טויט דערוואַרט
האָבען זיי געליטען גענוג שמארץ;
דרום בין איך אויסגעדאַרט,
און מיין פּנים איז שווארץ.

כו

און וועלכע עס פלעגען זיך טויפען,
ווייל די יסורים איז געוועזן זעהר פיעל;
פלעגען די כומרים לויערען אין די הויפען,
פיליכט האלט מען די אמונה אין דער שטיל,
אַז מען האָט געפונען א טהייל
פּסח ביי נאכט אין א הייל,
ווי אידען זיצען ביים סדר
אין יום־טוב׳דיגע קליידער,

ווי מען האָט זיי פערוואכט און פערשפּארט,
אַז עס פּלאצט מיר מיין הארץ ;
דרום בין איך אויסגעדארט,
און מיין פּנים איז שווארץ.

כז

מיט מיר פּלעגט מען שרייבען די דאפּראָסען
פון די געגוויטע געטויפטע אידען ;
זייער בלוט האָט מען ווי טייכען פערגאָסען
און די כומרים זיינען געווען צופרידען.
ווי די ווילדע מענשען פאנגען
א היגען לענדישען אין קאָמפּאניע ;
אזוי איז מען זיך באגאנגען
מיט די אידען אין שפּאַניע ;
יסורים אויף אלערליי אַרט
צו הערען עס ציטערט דאָס הארץ ;
דרום בין איך אויסגעדארט.
און מיין פּנים איז שווארץ.

כח

לסוף איז געבליבען ארויסצוטרייבען
אידען פון שפּאנישען רייך,
אז מען האָט מיך גענומען אונטער צושרייבען
האָב איך פערפלייצט דעם פּאַפּיר ווי א טייך.
דריי הונדערט טויזענד פּארשוין
חוץ ווייבער, חוץ קינדער
וואו נעבאך וועלען זיי געהן
די עלענדע רינדער.
אָבער איזאבעלע האָט ניט געווארט
און האָט נאָכגעגעבען איהר הארץ ;

דרום בין איך אויס געדארט
און מיין פנים איז שווארץ.

כט

דער פרומער ר׳ יצחק אברבנאל
וואס מיט מיר האט ער זיינע ספרים געשריבען,
וואס ער האט פערטראטען א מיניסטערשע שטעל
איז ער דארטען אויך ניט פערבליבען.
אז ער איז שוין דערנאך געקומען
אין א פרייערע מדינה
האט ער ערשט מיר אין האנט גענומען
צו בעשרייבען די אכזריות, די שנאה.
פון זיינע טרעהרען פון זיין צער
פלאצט מיר מיין הארץ,
דרום בין איך דאר
און מיין פנים איז שווארץ.

ל

דרום דערמאהן איך די אלע צרות[4]
און דערצעהל איצט פון שמחה פון פרייד
מען זאל פערשטעהן איצט די פרייהייט די חירות,
פון פריהער ביז איצט דעם אונטערשייד.
מיר זיינען שוין צו אכזרים ניט קיין קנעכט,
מען פייניגט שוין ניט אומזיסט
דער איד געפינט שוין זיין רעכט
גלייך מיט דעם קריסט.
נאר אז איך דערמאהן זיך דעם אלטען צער
פלאצט מיר מיין הארץ;
דרום בין איך דאר
און מיין פנים איז שווארץ.

לא

איצט, אז אידען זיינען אין ראָסיי,
עס איז זיי שוין ליכטיג און פריי,
איז איצט גאָר מיין גאנצער געשריי:
—„ברידער די מדינה זייט טריי!"
נעהמט מיר אין דער האנט,
לערנט תורה מיט שפראכען,
לערענט חכמות און פערשטאַנד,
וועט אייך גוט זיין אין אלע פאכען;
אַז ס'געפינט זיך אבער א נאר
וואָס האָט א פערשטאָפּטע הארץ, —
דערפאר בין איך דאר
און מיין פּנים איז שווארץ.

לב

מיט מיר שרייבט מען צייטונגען און ליעדער
צו קריטיקירען אלע שלעכטע זיטען;
פיעל מאָל צוריהרט יענעם די גלידער
אַז מען ציעלט איהם און מען טרעפט איהם אין מיטען;
מען צוריהרט יעדער גליד
מיט מיין קליינעם מיילכעל;
ווארום זייער ביקס איז דאָס ליעד, —
דער אמת — זייער קיילכעל5)
וואָס נוציג איז — שרייבט מיט מיר
מאַכט מיר מיט טינט שווארץ,
דאָס קליידט מיר, דאָס טרייסט מיר,
דאָס פרעהט מיר מיין הארץ.

1858.

# דאָס ליעד פון ר׳ תחנון

א

*) ערב ראש חדש ניסן נאָכ׳ן דאוונען אויפ׳ן שטעל,
שטעלט זיך ר׳ תחנון אין שול ביים שוועל,
ער זעגענט זיך מיט דער שול, מיט זיין אלטער קווארטיר
אויף א גאנצען חודש — ביז נאָך ראש חודש אייר.
— אַדיע ! — שרייט ר׳ תחנון, איך געה, איך ווייס ניט וואו,
וואו נאָר איך קום נעמט מען מיר ניט צו.

ב

איך ווייס ניט פון מצה — גאָט אויסהיט !
פון זרוע, פון כרפס — אויף מיין לעבען ניט.
מען פוצט אויף די הייזער, די טישען, די בעטען, —
איך, נעבאך, טאָר ניט אויפ׳ן שוועל ארויפטרעטען.
פון הלל, פון הגדה — איז יעדער צופריעדען,
נאָר איך טאָר ניט קומען אויפ׳ן שוועל צו א אידען.

ג

פאר דריי טויזענד יאָהר, אז איך וואָלט עס וויסען,
אַז איך וועל פון פסח גאָר ניט געניסען,
וואָלט איך געפונען א מיטעל — גאָר אויס די וועלט —
איך וואָלט מיר אין מצרים ביי דער ראגאטקע1) געשטעלט
און וואָלט ניט געלאָזען ארויס און אריין
ביז זיי וואָלטען מיר מיטנעהמען אויף יו״ט צו זיין.

ד

גלייך נאָך פסח—דינג איך מיר א דירה,
דאָרטען צו וואוינען כאָטש־בי איבער ספירה

דאמאָלס איז ניטאָ: מען טאָר ניט, מען מעג.
מען זאָגט מיר אין שול צוויי מאָל א טאָג,
און פּלוצלונג מען לאכט שוין אויף תחנונ׳ס מפּלה:
עס קומט אָן ל״ג בעומר און די ימי הגבלה.

ה

וואָס האָב איך דעם שבועות פאר א בייז געטהאָן,
אַז ער מיר אויך גאָר ניט ליידען קאָן:
עס שטעהען אין פּאָליש אידעלאך פול.
איך וואָלט וועלען אריינגעהן אין שול.
אָבער דאָ זאָגט מען אקדמות, דאָ לייענט מען רות,—
פאר דעם אָרעמען ר׳ תחנון געפינט מען קיין זכות.

ו

די שלעכטע צייט אוועק — עס קומען אָן דריי וואָכען.
דאָ בין איך שוין פאָרט צו א תכלית דערקראָכען.
מען זאָגט געשמאק תחנון, מען זאָגט תיקון חצות;
טרעפט זיך גאָר פּלוצלונג א ברית ביי א באַלעבאָס;
שטעלט זיך א מוהל און זינגט זיך די שירה:
ר׳ תחנון טרעט אָפּ, ער האָט ווייטער ניט קיין דירה.

ז

תשעה באב אין שול — ר׳ תחנון קוועלט.
איך מיין, היינט איז שוין גאָר מיין וועלט.
גיבען זיי דעם טאָג יום־טוב א נאָמען,—
האָב איך שוין ווייטער די מפּלה פון המן.
נאָך שמונה עשרה נעמט מען קינות זאָגען,
אנטלויף איך הוטשאָק וואו די אויגען מיר טראָגען.

ח

איך דערלעב שוין קוים דעם אלול דעם גוטען,
איך ווער שוין אין שול א גאַנצער מחותן.
מישט זיך אריין א מעשה דערינען:

דאָס רוב תחונות טהוט זיך אין אלול געפינען.
צי רייך, צי אָרעם — אין וואָס פאר אן אופן —
מוז שוין ר׳ תחנון פאר מנחה אנטשלאָפען
ראש השנה, יום־כפור דארף מען שופר בלאָזען,
קען מען ניט ר׳ תחנון אין שול אריין לאָזען.
בין יום כפור לסוכות און סוכות ניין טעג, —
מוז שוין ר׳ תחנון פאר מנחה זאַנטלויפען;
פאר׳ן מחזור, פאר הושענות — געפינט מען אנ׳אָרט —
פאר ר׳ תחנון איז ניטאָ ווער ס׳זאָל ריידען א וואָרט.

י

ביי חברה קדישא איז ט״ו כסלו א חק:
צו געהן אויפ׳ן פעלד, צו פאַסטען דעם טאָג.
די שול מיט פרוכת׳ן איז דורכאוים אויסגעשלאָגען:
דער חזן דאווענט און טהוט סליחות זאָגען.
ר׳ תחנון נעמט מען גאָר אין חברה ניט אריין,
מען האָט מורא ער זאָל ביי נאַכט צו דער סעודה ניט זיין.

יא

חנוכה אין שול — איז מיט א טאָלק מיט א לאר.
מען זאָגט על הניסים מיט גרויס פאראד.
צי דארף איך דען ליידען פון אנטיוכוס דעם טייל,
אַז אין בית המקדש איז ניט געוועזן צו ברענען קיין אייל.
מיט אמאָל גיט אין בימה א קלאפּ דער שמש:
אנטלויף איך א צוטומעלטער פון זיי ד׳ אמות.

יב

מן הסתם האָב איך חנוכה קנאַפּ צרות געהאט,
אז מען האָט נאָך צוגעגעבען חמשה עשר בשבט.
קיין שופר, קיין הלל, קיין פייט, קיין סליחות, —
און איז פאָרט פאר׳ן תחנון גרעסער אין יחוס.

עס איז דאַמאָלס ראש השנה פאַר בוימער, פאַר פּירות.
דאַרף ליידען ר׳ תחנון בױנ׳ער׳שע עבירות.

יג

אַז מען לייענט די מגילה, די מעשה פון המן, —
נו ווערט שוין ניט דערמאָנט פון ר׳ תחנון זיין נאָמען,
מען טרינקט, מען גיסט גאָר אָהן אַ מאָס,
ניכאַי וואָלט איינער מכבד זיין ר׳ תחנון מיט א כוס.
ניכאַי וואָלט זיך איינער פערנעמען פון שכרות, ווי עס גיט,
ער זאָל זאָגען תחנון—דאָס טרעפט אָבער ניט.

יד

מילא פון פּורים, אַז איך לייד בין איך בשמחה מלא,
איך האָב כאָטש הנאה פון המנ׳ס מפּלה.
אָבער וואָס איז דער יחוס מיט דעם פּורים־קטן,
אַז איך מייד איהם דעם וועג, די שול אָפּגעטראָטען.
דעם חשבון פון אַן עיבור ניט איך ווייס, ניט איך קען.
פון מיינטוועגען זאָל זיין ווי פאַר איאָהרען איז געווען.

טו

פונדעסטוועגען קאַפּאיע[2] איך זיך דורך די צייט,
עס טרעפט מיר נאָך אָפט פון דער זייט
אין די קליינע שטעטלאך אָדער ביי גרעסטע מנינים,
די קליינע יום טובים פערגעסען זיי די סימנים,
מיט וואָס פאַר א בכיות מען טהוט עס זאָגען,
דאָס קען דורכ׳ן יאָהר פיעל תחנונ׳ס איינטראָגען.
1857

# דאָס ליעד פון די בראנפען

א.

1) אויב איהר האָט געהערט די נייע מאַניפעסטען,
די שטאָט ווילנא איז צופרידען צום בעסטען;
עס איז אין ווילנא בראנפען וואלוועל געוואָרען,
עס האָט זיך שוין אָנגעפאנגען די גוטע יאָהר'ען
און ווי עס איז געקומען דער טאָג פון נאָוואראָק; 2)
אזוי איז געוואָרען אכט גראָשען א קרוטשאָק 3)

ב.

א צייט מיט יאָהרען האָט אונז געפעהלט.
מענשען זיינען געגאנגען מיט א וואָלקען פארשטעלט
בראנפען איז געווען טייער אין אלע שיינקען,
ווער האָט זיך געקענט אונטערשטעלען בראנפען צו טרינקען.
און איצטער—קיין טרויער הערט זיך ניט מעהר
עס איז אומעטום פרעהליך, וואו מען גיט זיך א קער.

ג.

עס האָט געקאָכט אין גאַס ווי אין א קעסעל,
יעדערער איז געלאָפען מיט א פלעשעל
עס איז פול געוואָרען אין אלע שיינקען,
איינער צום צווייטען האָט געטאָן בראנפען טרינקען.
די שמחה איז גרוים אָן א שיער,
עס איז וואָלוועל געוואָרען בראנפען און ביער.

ד.

זעהט ווי פאר די אלטע האָט דאָס אויך צוגעטראָפּען,
די פּענסטער פון הימעל, איז פאר זיי אָפּען.
זיי זיינען געגאנגען שוואַרץ ווי די ערד
דעם ביטערען טראָפּען האָבען זיי באגערט.
און איצט האָבען זיי געטאָן די בקשה ערפילען,
טרינקען און גיסען ווי פיעל זיי ווילען.

ה.

פאר די בעלי מלאכות איז געקומען צום לעבען
בשעת זיי דאַרפען איין ארבייט אָפּגעבען.
ווען זיי גיבען אָפּ די ארבייט און זיי האָבען ניט קיין שמאַרצען.
מאַכען זיי א שנעפּסעל מיט א פרעהליכען האַרצען.
און אויב די ארבייט טויג אויף כפּרות,
לויפען זיי אין שענק פארגיסען די צרות...

ו.

און פאר די טאוועריסטוועןֿ(4) איז דאָס אויך א מציאה
בשעת זיי קריגען די שטיקעל מבריעה(5)
אַמאָל פלעגען זיי געבען פון טיש א כאַפּ
פלעגט דאָך זיי זיין אויף א שקייליק(6) קנאַפּ
און יעצט האָבען זיי גוט און נאָך בעסער
אויף א גאַנצען שקייליק איז נאָך די ויותר.

ז.

אלע ראגאטקעס זיינען געוועזן פערמאכט,
שטראַזשניקעס פלעגען שטעהען ווי טאָג אזוי נאַכט;
ווי איינער איז נאָר פארביי געגאנגען,
גלייך אנטקעגען האָבען זיי איהם אנטפאנגען,
געזוכט אין די קליידער, נאָר וואו א נאָט
כדי ער זאָל ניט טראָגען בראנפען אין שטאָט.

ח.

שטראַזשניקעס פלעגען שטעהן צו געצעהלטע צייטען,
אלע זעקס שעה פלעגען זיי זיך בייטען.
ווי מען האָט נאָר איינעם מיט בראנפען בעקומען.
גלייך אין קאַנטאָר האָבען זיי איהם גענומען
ער האָט דאָך בעצאָהלט די ריכטיגע שטראָף
ער האָט נאָך געהאט א ביטערען סוף.

ט.

ווי איצט איז אראָפּ אלע שמערץ און פּיין
עפענטליך טראָגט מען שוין בראַנפען אריין.
קיין היטער ,קיין שפּירער איז שוין ניט קיין גזרה,
מיר האָבען דאָך שוין ניט פאר קיינעם קיין מורא.
עס איז דאָך אונז איצט געקומען צום לעבען
ניט מען חאַפּט און ניט קיין שטראָף געבען.

י.

אנ'אָרעמאן האָט זיך בעקלאָגט :
שבת אָהן א טרונק בראנפען איז ביי דעם טיש
פארשטערט
רופט ער זיך אָפּ צו די ווייב מיט א שכל :
„די איבעריגע געריכטען בין איך דיר מוחל
דאָס איז ביי מיר דער רעכטער עיקר
אז איך בין מיר שבת אביסינקע שכור“.

יא.

דו זאָלסט דאָך מיר אָפּשפּאָרען פון יעדער געריכט
פון פיש פון פלייש, פון קאַשע, פון ליכט.“
ער מאַכט דאָך א שנאַפּס, ער קריגט אפּעטיט
ער חאַפּט זיך צום עסען, ער האָט גאָר ניט.

יב.

גיט א קוק: שמשים, וואָס פאר א גליק,
זיי גיסען אריין אלע אויגענבליק,
די פערדינסט פלעגט אוועק אויף כוס
די ווייב מיט די קינדער פלעגט גאָר ניט ארויס.
דעם וואָלוועלען סקאַליק ווי זיי האָבען גענאָסען,
טרינקען נאָך מעהר און עס בלייבט נאָך א גראָשען.

יג.

און פאר די ווייבער איז אויך זעהר געפעלען,
אז עס טוט זיך זיי בראַנפען וועלען.
הויבען זיי אָן דעם מאַן צו חנפ'ען,
ער זאָל זיי קויפען א קרוטשאָק בראַנפען.
זיי געהן ארונטער אונטערען פאַרעוואַן
און טרינקען אויס וויפיעל עס איז פאַראַן.

יד.

און אויב ניט האָבען זיי אן אנדער המצאה,
זי זאָגט — דאָס קינד האָט דערפון הנאה!
— „אויב דאָס קינד איז, מיין מאַן, ביי דיר טייער
זאָלסטו איהם קויפען בראַנפען פאר א דרייער."
דאָס קינד גיט זי דאָך נאָר צו די ליפען,
און אליין טוט זי אינגאַנצען אויסזופען.

טו.

און אויב ניט האָט זי איין אנדער פּלאַן
ווי צו בעקומען אויף בראַנפען פון מאַן.
זאָגט זי: „ביים קינד אין קעפּעלע טהוט זיך מישען,
אַביסינקע בראַנפען האָט מען געדאַרפט אַריינגיסען."
זי גיסט דאָך אריין אין קעפּעל א טרער —
און אליין מאַכט זי אינגאַנצען א קעהר.

טז.

און פאר די פיאניצעס האָט זיך געעפענט דער גן עדן,
ווי טאָג אזוי נאַכט פון בראַנפען צו ריידען.
ווי ער בעקומט דאָך עטוואָס אין זיין קאַפּיטאל
אזוי לויפט ער גלייך אין פּאַרוואַל,
ער לויפט געשווינט ווי א העזעל,
און וואַרפט אריין א פינפערנע גלעזעל.

יז.

ווי ער בעקומט נאר א מטבע,
אזוי פרעגט ער דאָך שוין ניט ביי קיינעם קיין דעה.
ער איז דאָך געווארען א פערדינער גריילעק,
ער פערדינט זעקס גראָשען אָן יעדער שקיילעק.
די ווייב מיט די קינדער זיצען אָהן ברויט,
און דער מאַן וואלגערט זיך שכור׳ער־הייט

יח.

און פאר די שענקער איז דאָס אויך ניט שלעכט
ווי טאָג אזוי נאַכט מען טהוט און מען שוועכט.
די שפע פון זיי איז זעהר גרויס,
דער געהט אריין און דער געהט ארויס.
אריין געהט מען גלייך מיט׳ן טיר
און ארויס קריכט מען ראַקום7) אויף אלע פיר.

1858

# דער ניט גענייטער מלוה

## אז דו קענסט ניט, טא נעהם זיך ניט אן!

בדידי הוה עובדא.

אין טויזענד אכט הונדערט זיבעציג דריי,
ווען מיין הויז איז געוואָרען פון קראנקהייטען פריי,
פריי פון טויט שרעקעניש, פריי פון בכיות,
פריי פון דאָקטוירים, פריי פון רפואות,
פריי פון שפּאַניער פליגען, פריי פון הארציצע
אויפגעהערט מכבד זיין דעם רופא מיט מציצה—.
גאָט האָט ביי מיר צוגענומען זיין אלטען פקדון,
האָט מיר אָפּגעגעבען אנ׳אנדערען, אומגעקעהרט מיין שאָדען,
איך וויים ניט אויב איך האָב עס פערדיענט די רוט,
מן הסתם זיינען מיינע מעשים פריהער ניט געוועזען גוט,
און איך האָב אויף דערויף אנ׳אמת׳ע ראיה, כ׳לעבען,
ווייל דער אנדערער זיווג, ווערט נאָך די מעשים געגעבען.
קורץ איך האָב אָפּגעווישט פון פנים די טרעהרען,
אויסער ביי נאכט פלעגען מיר חלומות שטערען.
איך בין דאָך ניט שולדיג, די רעיונות פרעסען,
אַ ווייב מיט צעהן קינדער ניט גיך ווערט עס פערגעסען.—
נאָר ביי טאָג, פערטריבען דעם אומעט אין גאנצען;
האָב גענומען מיין גאָרטען דעם נייעם פערפלאנצען,
האָב זיך אָנגעהויבען אפטער, אין שפּיגעל צו שטעלען,

אַ יונגע ווייבעל גענומען, עס ווילט זיך דאָך איהר
געפעהלען;
אראָפּ אלע צרות, דער פּנים ווערט שעהנער,
אראָפּ אלע קאָסטען, די הוצאה ווערט קלענער;
איך פערדיען געלט, פון חתונות, פון שרייבען,
האָב איך אָנגעהויבען פּאמעלעך דעם רובעל צו קלייבען.
עס ליגט אין קאמאָד, הונדערט, צוויי, דריי,
זיי ווילען ניט זיין פערשפּארט, זיי ווילען זיין פריי;
איך האָב אמאָל געלערענט מהרש״א,
אַז מיין מאמע פלעגט זאָגען, דאָס וואקסט אמורה הוראה,
בין איך איצטער אויך, געפאלען אויף אן המצאה
איך וועל מיר מאכען א אידישע הלואה.
נו, סרסורים ביי געלט, איז לייכט צו קריגען,
ווי ביי א קריגעל סמעטענע זומער די פליגען, —
א סרסור אריין, א סרסור ארויס, —
מיין געלט ב„ה, איז פאר איהם דורכאויס
ווען אין שטייאיקע(2) ווען אין וואָכער, —
יעדער ווייזט זיך פאר א פיינעם בחור,
אַז ער האָט נימאלס פערנומען, א פרעמדען גראָשען,
א צדיק תמים, און א קינד האָט דערווייל געגאָסען, —
א קינד אז עס ניסט, איז דאָך א אמת׳ער סימן,
איז דאָך די הלואה ראיעל, ווי אין קעשענע במזומן.
און וואו איך האָב נאָר א רובעל דערוואָרט,
גלייך האָב איך עס אין לייטען געשפּאָרט.
איך האָב ניט געקוקט אויף קיין גרויסען פּראָצענט,
נאָר דעם רובעל אוועקגעגעבען אין ראיעלע הענט—.

* *
*

— ניין, ברודער, האָסט א גרויסען טעות,
גיט פאר דיר, מיין פריינד, איז צו מאכען הלואות;
דאָ דארף מען האָבען וועניגער ישרנות,
וועניגער חסד, וועניגער רחמנות;
דאָ דארף מען קענען, ווי א טיגער רייסען,
ווי א פּיאווקע זויגען, ווי א שלאנג בייסען;
אַז מען לייהט אן אָרימאן פּופציג רובעל,
דארף מען נעמען א זאסטאווגע פּראווע אויף זיין שטיבעל.
אַ יאָהר עס מעלקען, אָפּנעמען דעם קערן,
פּראָצענטען אין דאָפּעל, מיט לאסטען בעשווערען,
און אז יענער ווערט מיעד, ער קען שוין טאַנצען,
דאמאָלס נעמט מען אָפּ דאָס שטיבעל אין גאנצען—.
כאָטש אין מיטען ווינטער, כאָטש מיט קליינע קינדער,—
ניטאָ קיין רחמנות, ווי אין שעכט־הויז דער שינדער,
אבער דו ווילסט דאָך לעבען מיט דיין געוויסען בשלוה,
טאָ ווי קומסטו דערצו, צו ווערען א מלוה — ?
דאָ דארף מען קענען רייסען די הויט,
דאָ דארף מען קענען דריקען אין נויט,
דאָ דארף מען קענען זעצען אָהן ברויט
גרויזאם, און גיפטיג, פּונקט ווי דער טויט,
און דו ווילסט גאָר לעבען, מיט דיין געוויסען בשלוה,
טו ווי קומסטו דערצו, צו ווערען א מלוה ? —
קיין גרויסע פּראָצענטען קענסטו ניט נעמען,
קיין אָרעמען דריקען, קיין געדריקטען ניט קלעמען,
פאלשען מאכען ווילסטו ניט קאָנען,
קיין איבעריגע געלט ווילסטו ניט מאָהנען,
דו געהסט אין קיין סוד, האָסט גאָר פיינט משפטים,
דו ליידסט ניט די כאדעטייסטוואָ מיט זייערע פּרטים,
בע'גזל'ען דעם צווייטען, מיינסטו עס איז גאָר סכנות,

אַפשרייבען האָב־און־גוטס איז א רחמנות,
קוקסט נאָר אויף כאַראַקטער, מיט אלע זאוועבאָנעס;
חסד און רחמים שפּיעלט ביי דיך א ראָליע,
אמת און יושר זינגט דיך א סאָלאָ,
צו זיין היינט א מלוה אויף אזא אופן,
ווערסטו נאָך דארפען דיין העמד אויך פערקויפען;
מיין ניט, אז לוים זיינען היינט ווי פערצייטען,
עס האָט זיך געביטען דער כאראקטער ביי לייטען;
אמאָל פלעגט מען לייהען נאָר אויפ'ן וואָרט,
און מען האָט גאָר דערנאָך מאָהנען פערשפּארט;
מען פלעגט היטען טערמין פונקט צום מינוט,
און מען פלעגט גאָר פערשפּאָרען ווייזען א רוט...
אז מען נעמט מוז מען בעצאָהלען — איז געווען א כלל,
אויב גאָט האָט געוואָלט דעם לוה ווען שטראָפען,
און עס האָט איהם חלילה אן אומגליק געטראָפען,
האָט ער געוויזען דעם מלוה דעם אינהאלט פון געשעפט,
אויסגערעכענט פּינקטליך, וואָס די סחורה איצט
בעטרעפט,
פערקויפט און בעצאָהלט, פופציג פראָצענט,
כאָטש דער לוה פלעגט בלייבען מיט לעדיגע הענט,
און די אַנדערע העלפט האָט ער אויך אויסגעצאָהלט,
ווייל ער האָט מיט אמת, בעצאָהלען געוואָלט;
געגעסען ברויט מיט קוואס, געשלאָפען אויף שפּענער,
נאָר איינצאָהלען א רובעל, דעם חוב מאכען קלענער,
און ער האָט שוין קיין מאָל קיין קאָפּ ניט געהויבען;
האָט אָנגעוואָרען טרויאונג, נאמנות און גלויבען;
היינט אבער, ברודער, איז אנדערע צייטען,
אנדערע צייטען, אנדערע לייטען;
אַנדערע פיהרונגען, אנדערע זיטען;

עס האָבען זיך היינט כאַראַקטערען געביטען;
היינט נעהמט מען לכתחילה, אויף ניט בעצאָהלען,
דעם מלוה מעג ווערען די פיס געשוואָלען,
ער מעג זיך שפּרינגען ביז הימעל הויך,
דער לוה מעג זיך האָבען, האַנדלען, קראָמען,
ווערט עס אַלץ איבערגעגעבען אויף א פרעמדענס נאָמען;
די אימושצעסטוואָ(3 בעזאָרגט ער, בכן איז דאָ ניט זיינע,
טו וואָס העלפט שוין א וועקסעל, וואָס העלפט שוין א טענה,
גיט אַרויס אַן אַנדערען וועקסלען, דאָפּעלט פון יענע,
מען זאָל איהם ניט זעצען אין „דאָלגאָווי אָטדיעלעניע"
שטעלט אויס די בעלי חובות א קופּערנעם טאַק,
מעגסט קלאַפּען און פּויקען, איך הער דיך אין טראַק,
אָט אזעלכע לוים טרעפסטו היינט אָפט,
אויב א מלוה צו זיין האָט דיר גאָט געשטראָפט
אַז מען קען זיך שוין היינט אין הלואה'ס ניט קליגען,
קיין זיכערען קונד איז כמעט ניט צו קריגען.
און דער מוז שוין היינט מיט אכזריות פיהרען,
זאָנסט וועט ער א גראָשען אויך ניט איינקאַסירען.
און אז דו האָסט קיין אכזריות, פערטראָגסט קיין טרעהרען,
טו ווי קומסטו ביי דער צייט א מלוה צו ווערען? —
ערשט אין זיבען און זיבציגסטען, זעה איך ערשט ליכטיג,
ווי אמת די ווערטער זיינען, ווי פּראַקטיש, ווי ריכטיג, —
אז פון הלואה'ס וואָס איך פלעג פערלייהען,
בין איך קוים אַרויס — בשן ועין —
מיין געלט איז מען מיר מוחל במחילה גמורה,
און איך טרעף נאָך אָן אין גאַס, א ברוגז'ע צורה;
איך זאָג איהם גוט מאָרגען, קעהרט ער זיך אָפּ,

איך וויל מיט איהם ריידען, פערדרעהט ער דעם קאָפּ;
ער איז דער סוחר — איך שמיר די רעדער,
ער איז דער רב — איך בין דער בעדער.
איך קען איהם ניט איבערבעטען סיידען געבען נאָך געלט,
אָט אזוי, ברידערלאך, פיהרט זיך היינט די וועלט!
אראָפּ סאוועסט, אראָפּ רחמנות,
אראָפּ כאראקטער, אראָפּ ישרנות,
אראָפּ אָרענטליכקייט, אראָפּ טרויען, —
אראָפּ גאָר די בושה, אראָפּ גאָר בזיון, —
זונטאג נעהמט ער ביי יענעם דאָס געלט,
מאָנטאג האָט ער שוין צוויי פייען געשטעלט,
און דינסטאג געהט ער שוין פריי אויף דער וועלט, —
אַ נייער נגיד פון פרעמדע געלט.
אויפ'ן שטאָט אין מזרח, שטעהט ער ווי פאָר הער,
קויפט ששי און מפטיר, ווי פריהער נאָך מעהר,
געהט אויף דער גאס מיט דרייסט, מיט שטאָלץ, —
דאָס ווייב געהט געפּוצט, צירונג, ווי האָלץ, —
די טאָכטער שפּאַצירט, אין א שטרויענער הוט,
און יענער נעבאך קוקט, פון די אויגען גיסט בלוט.
קוק, ברודער, קוק, קוק זיך גוט איין!
אָט ער שיקט איצט א שדכן אין בארדיטשעוו אריין,
גיט פינף טויזענד רובעל דער טאָכטער, דריי טויזענד
דעם זוהן,
און דו קוק זיך איין האָב נחת דערפון.
עס קאָסט דאָך דיר געלט, מעגסט דאָך זאָגען דיין מיין,
עס געפעהלט דיר דער שידוך? יא, צו ניין?
אפּנים עס געפעהלט דיר דער שידוך, כ'לעבען!
דען דו האָסט דאָך די דרשה-געשאנק לאנג אָפּגעגעבען.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

קורץ עס האָט מיר שיעור געפּלאַצט מיין גאַל,
זעהען ווי יענער שטאָלצירט מיט מיין קאַפּיטאַל
ביז איך האָב איינמאָל ביי זיך בעשלאָסען:
איך זאָל מעהר ניט פערצייהען קיין גראָשען;
און האָב פאר די הלואה׳ס פערשפּארט מיין טיר,
און איבערגעלאָזען דעם געשעפט פאר קליגערע פון מיר.

1875.

# דער ישובניק מיט'ן שטאָטמאַן

(א ויכוח)

### א.

דער שטאָט מאַן

אין שטאָט צו וואוינען איז א פערגעניגען
וואָס די האַרץ געלוסט קען מען קריגען
הערינג, פּוטער, קעז און אייער
פאַר א גראָשען פאַר א צווייער
טאָרט, לעקאך, ליפּעץ און וויין
טראָגט מען אַלץ אין שטוב אריין
אָבער אויפ'ן דאָרף כאָטש פאַל צו דער ערד
קריגסטו ניט וואָס א האָר איז ווערט.

דער ישובניק

אין דאָרף צו וואוינען אין דוקא גוט
עס פליהט ניט דער רובעל אַלע מינוט
מילכיגס האָב איך עד בלי די
א קעלער בולבעס אויך דערביי;
תבואה גרינסען, פון יאָהר צו יאָהר
עופות פלאָדנע א גאנצען דור, —
און דו מוזט קויפען פאַר געלט אין קראָם
עס פאַלען די רובעלס ווי אין תהום.

### ב.

דער שטאָט מאַן

אין שטאָט וואוין איך דאָך געפּוצט געצירט
געמאָלטע פּאָקאָיעס, געמעבלירט

געמאָלטע בלומען און וואַזאָנען;
פּונקט א גאַרטען ניט צו דערקאָנען
רויזען, קווייטען, שעהן געמאָלט
מ׳קוקט פון ווייטען פּראָסט מען קוועלט;
און ביי דיר אין דאָרף איז מיט מאָך די ווענט
חשך פינסטער פון רויך פערברענט.

דער ישובניק

דער דאָרף האָט פּאָרט מעהרער מעלות
איידער אייערע געפּוצטע סיילעס;
דאָרט געפינט איהר א אמת׳ן גאַרטען
מיט בלומען רויזען, די שעהנסטע סאָרטען
עס שמעקט דער ריח פון דער ווייט
ניט געמאָלט מיט פאַרב, מיט קרייט;
און אין שטאָט קען זיין געמאָלט, —
אז פאָר די דירה איז אויך ניט בעצאָהלט.

ג.

דער שטאָט מאַן

אין שטאָט צו וואוינען נוצט אפילו
אז מען ווערט אַמאָל קראַנק חלילה
קען מען גלייך נאָך א דאָקטאָר שיקען;
אין יעדער גאָס איז דאָ אַפּטייקען
צי באַנקעס, צי פּיאַווקעס, צי וואָס מ׳טוט
ווערט עס באַשאַפען אין איין מינוט.
אָבער אין דאָרף איידער מען קריגט
ווערט שוין דער חולה בחזרה געשיקט.

דער ישובניק

איך בלייב טאַקע שטעהן אין שטאָט ווי א גולם
אז איך זעה ביי אייך אזא גרויסען בית עולם,
סטייטש, איהר האָט דאָך אזוי פיעל דאָקטוירים,

טו פון וואַנען נעמט זיך מצבות מיט קברים, —
נאָר קעגען דער נאַטור קען זיך א דאָקטער ניט קליגען
זיי מיינען זיי העלפען און אָפט איז דאָס ליגען.
אין מתים בוך, וואָס דער רב האָט
קוקט אַז מען שטאַרבט ניט מעהר ווי אין שטאָט.

ד.

דער שטאָט מאַן

אין שטאָט צו וואוינען איז גלאַט א גן עדן
מען האָט מיט וועמען א וואָרט צו ריידען.
אין הויף גופא, וואוינען שכנים ארום
מען וויים אלץ וואָס פּאַסירט אומעטום.
מען רעדט, מען שמועסט, מען הערט זיך אָן נייסען, —
מען לייענט גאזעטען פון עסטרייך, פון פּרייסען;
אָבער אין דאָרף א שכן איז ניט קיין סברה
מען ליגט רך פאר זיך ווי א בער אין זיין נאָרע.

דער ישובניק

וואָס איז אין שטאָט פאר א פערגניגען
אז מען מוז איינער אויפ'ן אנדערען ליגען
וואוינען אין קעלערען אויפ'ן פערטען גאָרען
די לופט שטיקט, וועה צו די יאָהרען!
היינט טרעפ ארוף, טרעפ אראָפּ,
מען גיסט פּאמוניצעס איבער'ן קאָפּ.
אָבער אין דאָרף, די לופט איז ריין
און דער בעסטער שכן איז די נאַטור אליין.

ה.

דער שטאָט מאַן

אין שטאָט דאָרף מען זיך פיעל ניט בעמיהען
עס איז א געלעגענהייט, קינדער צו דערציהען

מלמדים גוטע, לעהרער אלערליי
קען איך אויסקלייבען די בעסטע פאר זיי.
שבת צום פארהערען וואס פאר א נחת איך האָב
מיין ווייב ווערט נאָך אמאָל אזוי גראָב;
אין דאַרף א מלמד, איז א פערלעגענע סחורה
ער דאַרף אליין נאָך לערנען אין תלמוד תורה.

דער ישובניק

דעריבער האָבען אייערע קינדער אזא פנים
ווייל אלע ווילען מאַכען פון די קינדער רבנים,
כאָטש קיין קאָפּ איז ניטאָ — ער איז דערצו ניט געבאָרען
היינט וואָס איז דער סוף אין די שפּעטערע יאָהרען:
ניט ער טויג פאר דער וועלט, ניט פאר ווייב און קינד
מוז ער זוכען פּרנסה, מיט אומרעכט, מיט זינד;
אין דאַרף איז געננג קענען אביסעל אידישקייט,
און נוצט פאר דער וועלט און שטימט מיט דער צייט.

ו.

דער שטאָט מאַן

אז איהר רעדט אויפ׳ן שטאָט מאַן, האָט איהר טאַקע קיין בושה;
אין שטאָט איז מען א איד, מען הערט א ברכו א קדושה,
מען קען טאָן מצבות, מען הערט א רבי׳ן,
אי אשטאָט אין קלויז, אי כבוד כ׳לעבען.
שוין גאָר שפּעט געהט מען אין פּאָליש.
אָבער אויפ׳ן דאָרף איז דאָך אנ־אמת׳ער גלות,
איהר קענט אפילו ניט אָפּהיטען קדיש צום שעה
קיין קלויז, קיין מנין, איז ביי אייך גאָר ניטאָ.

דער ישובניק

טאַקע איהר הערט, אבער פאָלגט איהר דעם רבי׳ן

איהר פערגינט ניט איינער דעם אנדערענס לעבען;
ראש השנה צו תשליך אז איהר געהט צום טייך
דאָרטען זעהט איהר ערשט א שפּיגעל קעגען אייך
איין פיש ווערט פאר דעם צווייטען א שפּייז
און איהר קוקט זיך איין גוט און טהוט עס איבער נייס;
אָבער אין דאָרף איז מען גאָר אין דעם בלינד
ווענינגער מצות, אָבער ווענינגער זינד.

# די אַלטע וועלט מיט די נייע וועלט

(א ויכוח)

## א.

די נייע וועלט

איך נייע וועלט מעג מיך היינט ריהמען
מיט מיין שכל און פיהרונג אין אלע פאַכען;
מיט די אלטע וועלט וואָלט איך ניט שטימען
מיט איהרע נאַרישקייט אין טויזענדער זאַכען.
א בגד נאָך א זשורנאל פון מתושלח'ס דור
פלעגט מען אָפּגעהן אין איהם פופציג יאָהר,
א פּאוולוסקענעם לייבעל פון א כלה'ס גארדעראָבע,
פלעגט זי דאָס נאָך טראָגען זייענדיג א באָבע;
אָבער היינטיגע וועלט לעבט מען ווי גראפען
צי מען קען, צי ניט אבי עס ווערט בעשאַפען.
מען געהט געקליידט
צום לייב גענייט
דער עולם פראָסט מען קוועלט;
מען קען געניסען

א לעבען א זיסען
הַיינט איז א קַלוגע וועלט.

ב.

די אלטע וועלט

וואס נעמסטו זיך איבער דו נייע וועלט,
מיט דיינע קליידער און ציערונג;
עסט דאָך נאָר אויף פרעמדע געלט
מיט דיין ליעבהארציגער פיהרונג.
איהר געהט אָהן קעפ, פארטראכט פארזאָרגט,
געלאָפּען, געפּאַדעט, געליען, געבאָרגט;
רוהט ניט ביי טאָג, ניט ביי נאַכט,
רק איהר שווינדעלט, רק איהר טראכט;
פערצערט געזונד מיט קאַפּיטאל,
איהר בלייבט אָהן כוחות און בדילי דל.
אָבער רוהיג געלעבט האָט דער פארצייטיגער דור,
דער כשרער גראָשען האָט געהאַט אַ שפּאָר;
מען האָט ניט פערנומען
יענעמס מזומן
מען איז ניט געוועזן פערשטעלט.
ווי אין מקדש א קרבן, —
עהרליך געשטאָרבען
עס איז געוועזן אן אמת'ע וועלט.

ג.

די נייע וועלט

וואס פאַר א נאַרישע וועלט פארצייטען איז געוועזן,
אומעטום האָט מען שדים געזעהען;
אונטער בריקען און אין פּוסטינעס
פלעגען כת לצנים מאַכען מישינינעס,
און מיט די האַמערס ביי די שמידען

איז גאַנצע נעכט געווען ירידען.
געפונען שעפּסען די פיס געבונדרען,
א פאַטש מיט די פיס — געווארען פערשוואונדרען.
היינט ווערען די מעשיות אויסגעלאכט,
מען האָט ניט מורא צו געהן ביי נאַכט.
פאר א קעלער פריי
געהט מען פארביי,
מען זעהט ניט קיינעם פארגעשטעלט
אפילו אין חלום
זעהט מען קיין טייוואָלים.
היינט איז א קלוגע וועלט.

די אלטע וועלט

דו, נייע וועלט, ריהמסט זיך אומזיסט,
אז איצט קיין שדים זעהט מען ניט;
דאַכט זיך עס טרעפט דאָס רוב וואו מען געהט
זעהט מען אָפט מענשען ווי שדים פערקליידט.
דאָרט שיינט איינער א פריינד צו זיין,
גנב'עט זיך אריין צום חבר אין שטוב
פיהרט איהם נעבעך אין אן אומגליק אריין,
שטעלט זיך פון ווייטען און לאַכט פון איהם אויס.
מען געפינט היינט מיט פאַלשע פריכאָדען,
וואָס זייער גליק איז נאר יענעמס שאָדען.
פערצייטען האָט מען קיין פאַלשקייט געוואוסט,
ניט די ליפּען, נאָר די הערצער האָבען זיך געקושט.
אמת'ע פריינד,
ניט ווי היינט,
צוליעב דעם רובעל זאָל מען זיין פערשטעלט;
מען איז געווען געטרויט

ביז די מינוט פון טויט,
עס איז געווען אן אמת'ע וועלט.

ה.

די נייע וועלט

איך נייע וועלט וויפיעל בין איך ווערט
פאר די איינציגע חכמות וואס איך האב ערקלערט;
איך האב אסטראנאמען שטעהן אויף פיקעטען,
געפונען אין הימעל נייע פלאנעטען.
היינט באראמעטערס און דאמפף־שיפען,
טעלעגראפען, מאשינען, לאקאמאטיוון;
וואו פופציג האבען געארבייט איין אכטאג זיכער,
מאכט דאס איינער נאך בעסער און גיכער.
א נסיעה וואס פלעגט דויערען טעג און יאהרען
קען מען איצט אין א מעת לעת איינפאהרען.
פערצייטען א נסיעה
האט מען געריסען קריעה,
געבראכען זיך אין וועג, אין רעגען אין קעלט;
אבער היינטיגע צייט
איז גאר ניטא ווייט,
היינט איז א קלוגע וועלט.

די אלטע וועלט

דו נייע וועלט וואס נעהמסטו זיך איבער,
אדרבא איך בעט דיר ערקלער מיר דעריבער,
לאקאמאטיווען פליהען ווי פונקען פייער
און היי און האבער איז דוקא טייער.
תבואה קומט אן צעהן וואגאנען מיט אמאל
און מען דערמאנט מיט טרעהרען דעם פארצייטיגען זול.
אינזלען, סטעפעס געפינט מען מסתמא,
און עס איז שווער צו קריגען א דירה א געראמע.

נאָר אין לאָקאָמאָטיוו איז אנאנדער זין,
ווייל אונזער וועלט לויפט גיך ווי א מאַשין.
אין דער אַלטער צייט
איז געווען אלטע לייט,
מען האָט לענגער געלעבט, דאגות האָט געפעהלט;
איצט איז די ביסעלע יאָהרען
מוז מען גיכער פאָהרען,
ווען ניט בלייבט מען דאך אין מיטען דער וועלט.

ז.

די נייע וועלט

פערצייטען זאָגט מען אז פאר דעם פרומען
איז די גאַנצע וועלט אויף אַפּצוקומען,
דער לעבען איז גלייך צו א שטיין א שווערען,
געהאָפט פון דעם גיכער פטור צו ווערען.
דעריבער האָבען זיי גענוצט אזוי ווי פליגען,
ביי א קריגעל זויער מילך פלעגט מען פולקענוויים ליעגען,
און צוועלף יאָהר א אינגעל אָהן שכל, אָהן געפיהלען
איז שוין געווען א טאַטע אין א טלית און תפילין.
נאָכ'ן שווער'ס טויט, האָט מען ערשט געזוכט פרנסות,
צי שדכנות, צי מלמדות, צי בטלנות, צי שמשות.
אָבער היינט אין שידוכים איז מען ניט פערבלענדט,
צי תורה, צי מלאכה, צי חכמה, צי טאַלענט.
א חתן אין יאָהרען
איז היינט קיין חסרון
אבי א תכלית, צי סחורה צי געלט;
און ערנערט זיך קליגער
פונ'ם שווער און שוויגער,
היינט איז א קלוגע וועלט.

## ח.

די אלטע וועלט

לייען מיין געשיכטע פון פריהער פון שפּעטער —
וועסטו בעוויינען די שורות, בעקלאָגען די בלעטער.
די שנאה פון אמונה האָט טעגליך געשטיגען
מען האָט אונז געקאָסעט צוריבען ווי פליגען.
דארום האָבען מיר דעם לעבען גערעכענט פאר אן
אסטראָג.
ניט געגלויבט די נאַכט, אז עס וועט ווערען טאָג.
די גאַנצע וועלט גערעכענט פאר נישט ;
צו א הימליש לעבען רק געגלוסט ;
קינדער חתונה געמאַכט צו צעהן־עלף יאָהר, —
געוואָלט פאר'ן לעבען נאָך זעהען א דור.
ניט אונזער נאַרישקייט האָט עס מיטגעבראכט,
נאָר די שכנים האָבען געאירט ווי בלינדע ביינאַכט.
עס האָבען די אומות,
פערטריבען די תרעומות, —
קנאה איז אנטלאָפען, שנאה האָט געפעהלט ;
אז עס הויבט אָן צו טאָגען
איז א סברה צו זאָגען
אז די וועלט איז אויך א וועלט.

# חרטה פון חתן'ס צד

(א פארצייטיגע מעשה)

דאָס שטעדטעל „ניט פריש"—דאָרטען רוישט ווי א מיהל
מען לויפט צו די קרעטשמע די ווייסע,

מען לויפט אויפ'ן וואונדער, דען יעדערער וויל
וויסען אויף ריכטיג די מעשה.

---

ווייבער און מאַנסביל, מען לויפט אויפ'ן גאַס,
טאָפּטשען אין קויט מיט די שלורעס
פליהען מיט אימפּעט נאר הערען די נייעס
פון דוכוס די ביטערע גזירות.

---

אלע דאָרט שרייען: וועה אונז און ווינד!
שרה'קע, א כשרה נשמה
א אידישע טאָכטער, ר' נתנ'ס א קינד,
זאָל ווערען א ווייב פאר א טמא! —

---

נאָר מוידען אין קרעטשמע דאָרט, שטעהען אין קיך,
קוקען אויף שרה'קען מיט קנאה;
סוד'ען און שושקען זיך שטיל צווישען זיך:
„שרה'קע ווערט באַלד א קניאַגינע".1)

---

— „שרה'קעלע נתנ'ס, אָט די אלטע מויד,
די צורה פול מיט געלע פליאַמעס
ווערט א קניאַגינע, אָט שטעהט שוין די בויד!
וואָס זאָגט איהר אויף נתן דעם שמש?"

---

— „אָט דער לאַנגער קאָלטען2), ער ווערט דאָך א שווער
פון דוכוס, פון פריץ פון שטעטעל!
א שליח מיוחד געקומען אהער
און לייענט אויף פויליש א צעטעל."

---

— „ערשט דאָ ניט לאַנג מיט א חודש צוריק,
דער קניאַז ווען ער איז דורכגעפאָהרען,
האָט ער אויף שרה'קען געגעבען א בליק
און איז גלייך פארקאַכט געוואָרען.“

— „שטילער איהר חצופות דאָרט!—שרייט איינער אויס,
זיי פרעהט נאָך די גזירה רעה!
א חורבן אויף אידען, דער גזר דין איז גרויס,
זיי טהוט נאָך די מעשה הנאה!“

— „וועה איז דעם טאַטען וואָס דאַרף דאָס צוזעהן
ווער זיינען די מחותנים?!
קיין כלה בעזעצענס, קיין מנין פון צעהן
קיין רומפעל, קיין קבלת פנים!“ —

אומזיסט וואָס דער עולם דא טאָפּטשעט אין גראָז,
אויסגעטראַכט, פוסט, בנאמנות.
דער אורח איז גאָר קיין שליח פון קניאז, —
ער האָט דאָ געמאַכט א לצנות.

דער אורח איז גאָר א פאָדראַטשיק, א איד,
ביי איהם האָט אנ'אקס זיך צובראָכען;
פאַרריכטען דאַרף דויערן דריי שעה ביים שמיד,
ער הייסט זיך א מיטאָג אויסקאָכען.

לאַנגווייליג איז איהם אין קרעטשמע די צייט
דער קרעטשמער, א דראָנג און א פלאָקען, —
ער זעהט דאָרט אנ'אלטע מויד שטעהן אָן א זייט
שוואַרץ און געשטופעלט פון פאָקען.

געפרעגט און בעקומען א תשובה דערויף:
„זי איז פון נתן'ס טעכטער".
איהם איז דאָ באַלד אויפ'ן זינען ארויף
צו מאַכען א שפּאַס א געלעכטער.

---

ער האָט דעם קרעטשמער פארטרויט באַלד א סוד:
(פון קרעטשמער באַלד ווייסען שוין אלע)
— „דער דוכוס איז שטערבליך פערליעבט אין דער מויד,
ניט אנדערש זי מוז זיין זיין כלה!"

---

דער קרעטשמער האָט איצט געשיקט נאָכ'ן רב
צו קומען געפינען א היתר,
די חופּה איז מאָרגען, אום תשעה באב
קיין ישוב הדעת אויף שפּעטער.

---

דער רב — אויפן באַנק זיך געגעבען א זעץ,
(אויף איין זייט, איך בעט אייך מחילה...)
דעם שטערען געגעבען א קנייטש און א קוועטש
געכאַפּט די מסכת מגילה.

---

ער זיצט און ער קלערט, און דער מח איהם טראָגט:
שווערלעך א היתר געפינען!
כאַטש דער שליח האָט איהם צוגעזאָגט —
ער קען דאָ שדכנות פערדינען.

---

— „ווען האָט עס דען די געשיכטע פּאַסירט?
וואו איז אין פּנקס פערשריבען?
ווי קען זיין דער דוכוס אזוי ווייט פערפיהרט
ער זאָל זיך אין שרה'קען פערליבען?"

---

(אָט די פראגען, לעזער קרוין, הער איך פון דיר,
פרעגסט זיי מיט היץ און התפעלות;
לעג זשע נאר צו דא דיין אויער אהער
עס פאלען אראָפּ גלייך די שאלות.)

—————

— „צעהן יאָהר צינז שיינקט ער פון דער חופה אָן,
ווערט אלעמען שטעלען צופריעדען,
ווערט איהר חלילה זיין רצון ניט טהאָן
טרייבט ער ארויס אלע אידען.“

—————

דער רב ברעכט די הענט, קרעכצעט און שרייט:
„א גזירה מן השמים!
אָט איז געקומען אויף אידען א צייט
ווי חורבן ירושלים!“

—————

— „ווייניג האָט דינה געהאט פון דעם „שכם“,
ווען זי איז אויפ'ן גאס געפלויגען,
ווי נעמט א בתולה א מוסר פון דעם,
אויפרייסען לייטען די אויגען! ?“

און שרה'קע נתנ'ס, זי הערט עס אלץ אויס
און שטעהט מיט א זויערע מינע, —
דאָך כאַפּט זיך אָפּט א שמייכעל ארויס:
זי ווערט דאָך באַלד א קניאַגינע!

דער קרעטשמער מיט די בעלי בתים פון שטאָט
שרייען צום רב: „גוואלד! ביז וואַנען ?
דער אורח ער ענדיגט שוין עסען קאָמפּאָט
ער הייסט שוין דעם פוהרמאן שפּאַנען“.

דער רב גיט אומגערעך אויף שרה׳קען א בליק:
זי שטעהט ווי א ליימענער גולם.
— „א היתר געפונען! רבותי, א גליק! —
א אשה איז א קרקע עולם״!

— „מזל טוב אלעמען״ — ווינשט צו דער רב
„ר׳ נתן! בעלי בתים אלע!
איהר מחותנת׳טע! אייך מזל טוב!
דו, שרה׳קע! מזל טוב כלה!״

וואו איז דער שליח פאַרט? וואו איז דער איד?
מען דאַרף איהם די בשורה אָנזאָגען,
עס איז שוין לאַנג פארטיג די אַקס ביי דעם שמיד
ער פאָהרט שוין, ער זיצט שוין אין וואגען!

קנד־און־קייט לויפען מיט אימפעט מיט רעש
זאָגען דעם אורח די בשורה;
לויפען צום וואָגען וואָס שטעהט אויפ׳ן גאַס,
דער ווערט אָן א זאָק, די א שלורע.

— „א היתר געפונען! מיט מזל זאָל זיין,
געריסט דעם קניאַז, די מחותנים,
דער זיווג זאָל עולה ל... — וואס קען דאָ זיין?
דער אורח קערט גאָר אָפּ דעם פּנים!?

ווארום — זאָגט ער — האָט איהר אזוי פיעל געטראכט,
דער עולם, דער רב, און ר׳ נתן?
ביז וואַנען איהר האָט דאָ דעם היתר געמאַכט
האָט שוין חרטה דער חתן...

* *

א טרייב גיט דער פורמאַן די וועג ווי קען,
„ניט פריש“ בלייבט מיט זויערע מינעס;
שרה׳קע געבליבען א מויד ווי געווען,
דער עולם אוועק זאָגען קינות. —

*   *
*

סיוון תר״מט.

# מה נשתנה[1]

## א.

1

מינסקער קאַפּיטאַל האָט אימער געשלאָפען שטייף
און איהרע לאָדען האָט קיינער ניט געקלאַפּט,
ווי נאָר דער לאָקאָמאָטיוו האָט געגעבען א פייף
האָט זי זיך פּלוצלונג פון שלאָף אויפגעכאַפּט.
ווי די באַהן איז נאָר געוואָרען
ווערט שוין גלייך באַנקייען[2]
אין אלע וועלט קאָנטאָרען
מינסקער וועקסלען פליהען,
זי מאַכט געשעפטען נייע
מיט גאַנץ גרויסע פּראָפיטען,
באַנקייען האָט זי פרייע
פון געלט און פון קרעדיטען,
יעדערער זוכט און האָט
א שפּעקולאציע, אָן אָבאָראָט,
און איז דערווייל די האַנדעלס וועלט מהנה.
ווער עס קומט אויף מינסק פון ווייט

און ווייס ניט וואָס באַטייט,
פרעגט די שאלה: „מה נשתנה?“

2

אין מינסק האָט יאָהרען לאַנג דער ווינטער עקסיסטירט,
קאָמערציע האָט ניט געשפּראָצט, געשעפטען ניט געבליהט;
ווי די פיש אונטער׳ן אייז, דער וואַסער אויבען פריהרט,
געזוכט עטוואָס ערנעהרונג, קיין שיין אָבער זעהט מען ניט.
זי האָט ניט קיין פּאָרט, קיין האַפען
קיין שיפען דורך איהר געהען,
זי האָט ניט קיין איספּראַווען,
זי האָט ניט קיין שאָסייען,
א גרינעם גראָז א פרישען
האָט זי ניט געקענט געפינען,
קיינער פלעגט ניט וויסען
א רובעל גרינג פערדיענען.
היינט ביי איהר הצלחה,
מאַכט זי זיך א ברכה:
ברוך עתים משנה;
זי זיצט ביי סדר פון פּרנסה
און האַלט די כוסות פון הכנסה
און פרעגט זיך גאַנץ פרעהליך: „מה נשתנה?“

3

די באַהן ענטוואוינט די קליינע קרעמער,
ווי זי שפּירט נאָר ביי זיי א צאָהן,
פון גרויסען סוחר׳ס ברוסט;
אליין אויף קעסט צו זיין

א בייטעלע פון קאנטע אויפ׳ן האלז זיי אָנגעטהאָן,
און מאָסקווע און ווארשא
ווארפען דאָרט אריין.
ניעמאלס פלעגט איהם לוינען
אין מקום אליין צו פאָהרען,
די פוהר־געלט קאָסט אָב הונ׳ען
און צייט געהט פיל פערלאָרען,
און לייען אויף דעם הלואות —
טו וואָס קען פון עסק ווערען ?
אז די פּרעצענטען מיט הוצאות
איז גרעסער פאר זיין קרן,
דארום האָט ער געמוזט
ליעגען ביין סוחר׳ס ברוסט
און זיין מקח ניט זיין משנה.
היינט לויפט ער אין פאבריק
און באַלד איז ער צוריק
און פרעגט זיך ביי דער ווייב: „מה נשתנה ?“

4

נאָר מעלות און חסרונות
געהען האַנט ביי האַנט געפּאָרט,
דער טויט ברייגגט אונז דעם לעבען
און לעבען ברייננגט דעם טויט,
וואו עס לייכט א פלאַם
איז שאָטענס אויף דעם אָרט ;
ווארום אויף גוטס און שלעכטס געקנאָטען
שטעהט די וועלט געבויט.
צייט מינסק בעקומט א נאָמען
איז דירות אונערטרעגליך,

אויף האַנדלען, שענקען, קראָמען,
הוספות גיט מען טעגליך;
שפּייזען ווערט רק טהייער,
די הוצאה שטייגט אין דרייען;
דער לוקסוס גילט פלאַם פייער,
אז עס קען די הויט ניט סטייען;
דער עולם געהט געציערט,
געפּוצט געמאָרעלירט,
דען יעדערער איז דעם צווייטען רק מקנא;
און דער בעל הבית, וואָס טראָגט אויף זיך,
מאָרע, דירה, קיך,
פרעגט נעבאך מיט טרערען: „מה נשתנה?“

* *
*

ב.

5

ביי ישראל'ן האָט אויך זיין ווינטער
יאָהרען לאַנג געוועהרט,
דער שניי פון פאַנאַטיזם
האָט פערדעקט זיין וועלט,
אין בלבולים און הריגות
האָט ער זיין ווינטער נאַכט פערצעהרט,
נאָר מיט די לאָדען פון אמונה
האָט ער זיך פון פראָסט פערשטעלט.
צו איז אין שטאַנד א רעיון
צו בערעכנען די מיליאָנען,
די הרוגים מיט די כלי זין
פון די אלע אינקוויזיציאָנען?

ווער צעהלט די עלילות דמים
פון יעדער יאָהר בעזונדער ?
זיין בלוט פליצט ווי ימים,
זיין ווייב'ס מיט זיינע קינדער'ס.
היינט געהט אראָפּ דער ווינטער,
די שנייען זינקען ארונטער,
זיין פריהלינג שפּיעלט איהם שוין פּיאַנע,
ער זיצט ביי דעם סדר פון ציוויליזאַציע
און האַלט דעם כוס פון עמאַנציפּאַציע
און פרעגט זיך גאנץ פרעהליך : „מה נשתנה ?"

6

פון די זעלבע קליינע מענשעלעך,
וואָס האָבען אַמאָל ווי האָלץ געברענט —
די וועלט וואר דער מזבח
און זיי נעבעך דאָס רינד —
איז דער שוין היינט מיניסטער
און יענער פּרעזידענט
און פאר דעם די בערזע ציטערט,
ווי די שיף פאר דעם שטורם ווינט,
אין די קרוין־דעפּוטירטע זאַלען
גילט שוין שטאַרק זיין דעה,
דער קורס פון פּאַפּירען פאַלען,
ווען ער ווייזט זיין מטבע ;
ער האָט שוין אויך יוריסטען,
מאַטעמאַטיקער, סעקרעטאָרען,
דאָקטוירים און אַרטיסטען,
גענעראלען—פּראָפעסאָרען ;
עס קומען גענעראַלען

בעזוכען זיינע זאַלען
אונ זיינען מיט וויזיטען איהם מהנה,
און דאמאָלס, ווען ער בעטראכט
פון אַמאָל דעם אידענ׳ס נאַכט,
קוועטשט ער מיט די פּלייצעס: „מה נשתנה?“

* *
*

ג.

7
אַך! ווי ליעב איז אונז צו הערען
פון דער נייער צייט,
ווי אידען שטייגען ביז די שטערען
נאָר פאר פעהיגקייט.

8
יענער קינסטלער בעקומט מעדאַלען
פון די אויסשטעלונג דער וועלט,
גרויסע עהרע און פּאָכוואַלען(3)
און נאַגראַדעס געלט.
נאָר בשעת זיי זענען אויבען
וואָלטען זיי דאָס טהאָן,
ניט פערלאָזען זייער גלויבען
און ליעבען די נאַציאָן.

9
דער איד פלעגט אייביג בילדונג ליעבען
מיט נייגעריגקייט,
אין היסטאָריע שטעהען נאָך י ע צ ט פערשריבען
זיינע גרויסע לייט.

און עד היום איז ער נאָך גערן
דיזעלבע זאַך צו טהאָן,
נאָר באופן אז עס זאָל ניט שטערען
זיין אַלטער רעליגיאָן.

10

פונקט ווי רעדער אין א וואָגען,
וואָס די משא ציהט,
ווען דער שוואָרען איז פערשלאָגען
געהט די משא מיט;
נעהמט מען נאָר ארויס דעם שוואָרען,
קען שוין מעהר ניט געהן,
די פאָדערסטע רעדלעך אויף פריהער פאָהרען,
די הינטערסטע בלייבען שטעהן.

11

די נייע וועלט אויף פריהער פאָהרען
צו בילדונג בארג ארויף;
די אמונה איז דער שוואָרען,
וואָס האַלט ביידען אויף.
האַלט זשע שטייפער אייער גלויבען,
ווען איהר אויף פריהער געהט;
ווען ניט לויפט איהר אליין נאָר אויבען
און דער גאַנצער וואָגען שטעהט.

1883.

* *
*

ד.

12

אָט דיזע ליעדער האָב איך געזונגען

מיט אַכט יאָהר צוריק;
די האָפענונג האָט דאַן געקלונגען,
עס שיינט דעם אידען׳ס גליק.
די באַהן איז דאַן אין מינסק געוואָרען,
געשעפטען מיט פּראָפיט
און פון די אומה אראָב דער צאָרן,
זי וואַקסט, זי שיינט, זי בליהט.

13

אָבער פון דאַמאָלס ביז אצינדערט
גיט זיך א דרעה דער גליק;
יעדער קלוגער ווערט פערוואונדערט,
עס געהט די וועלט צוריק.
קנאה שטעקט אריין איהר פיסעל
און האָט דעם גליק געשטערט,
און הן אין משל הן אין נמשל
געוואָרען פונקט פערקעהרט.

14

מינסק האָט יעצט ניט קיין פּרנסה,
באַנק שרייט: צאָהל! דו מוזסט!
דירות טראָגען קיין הכנסה,
קראָמען שטעהען פוסט.
און אין נמשל, די גאַנצע אומה,
ווערט ערגער פון מינוט;
אין אונגארן האָט זי קיין תקומה,
מען בעשולדיגט איהר מיט בלוט.

15

ווי לאַנג האָבען אונזערע אויטאָריטעטען
געשריען אין איין קול:

עס איז שוין גרויסער טאָג,
שטעה אויף, דו איד פון שלאָף!
גענומען זיך גלייך צו בילדונג,
שטודענטען אָהן א צאָהל,
און קיין מאָרגען שטערען קומט ניט,
די נאַכט נעהמט גאָר קיין סוף;
שפּאָגעל נייע בלבולים
דעם כעס אויפצואוועקען,
עלילות מיט זלזולים
דעם נאָמען צו בעפלעקען.
נייע אַנטיסעמיטען
מיט נייע יודאָפאָבען,
די שעפּס נעבעך שטעהט אין מיטען:
„וואָס ווילען די וועלף פון מיר האָבען:?
ווי ווערט מען ניט פערוואונדערט,
אז צום ענדע ניינצעהנטען יאָהרהונדערט
זאָל מען דעם געוויסען אזוי ווייט זיין משנה;
און ווער עס קוקט מיט א ריינעם בליק
אויף די אנטיסעמיטישע אלע שטיק,
פרעגט ער ביי דעם שכל: „מה נשתנה?"

1891

# דער הספד

(פון העברעאישען)

א מגיד האָט אַמאָל א הספד געמאַכט:
„נעהמט אייך—זאָגט דער ספדן—רבותי, און אַכט
אויף דעם אמת, וואָס ליעגט פאר אונזערע אויגען,

מיט א שוואַרצען פלאַשץ דאָ איבערגעצויגען!
ערשטווינט דארף מען ווערען צו הערען זיינע שבחים,
קיינער איז ניט אימשטאַנד צו געהן אין זיינע דרכים!
אז קיין פליישיגס, קיין מילכיגס האָט ער נימאלס געגעסען,
אויף קיין שטול, אויף קיין ביינקעל איז ער נימאלס געזעסען
קיין משקה, אויסער וואַסער, האָט ער נימאלס געטרונקען,
א שטיקעל לעקאַך אין בראַנפען ניט געפרובט
זיינטווונקען!
ער האָט נימאלס געפרובט מיט א מענשען זיך קריגען,
האָט איהם ווער געזידעלט — האָט ער תמיד פערשוויגען:
ניט געמישט זיך אין קהל, ניט געזאָגט קיין דעה, —
אויף זיין לעבען ניט געוואוסט קיין צורת מטבע!
פון זיין כשר'ן מויל איז ניט ארויס קיין קללה,
עס האָט נימאלס געפרעהט איהם זיין שונא'ס מפלה;
קיין שנאה אין האַרצען, פעראיבעלס, פערדראָסען, —
האָט קיינמאָל פערנומען זיין חבר'ס א גראָשען:
רויטשילד'ס פערמעגען האָט מען געמעגט איהם געטרויען
האָט עהרליך געפיהרט זיך, — ניט געקוקט אויף קיין
פרויען...
צו צוואַנציג יאָהר איז דער דאָזיגער נפטר געשטאָרבען.
האָט אזוי פיעל מדות אין א קורצער צייט ערוואָרבען:
פון קינדער האָט ער קיין קאַפּיטאַל נישט געקליבען,
קיין גראָשען ירושה איז פאר זיי ניט געבליבען!
ער האָט שטענדיג, עליו השלום, געדייזט אין דער וועלט,
אויסען געווען מדינות, אַלע הויפּט־שטעדט ניט פער־
פעהלט!
דאָך האָט ער אזוי ווענינ גענאָסען די וועלט,
האָט אין שטוב ניט גענעכטיגט — שטענדיג אויף דער
קעלט!

ניט, חלילה, ווייל ער האָט געוואָלט איינשפּאָרען געלט,
נאָר מחמת ער האָט מותרות ניט פערלאנגט, ניט געוואָלט!
איך שווער אייך מיט אַלעס וואָס הייליג איז נאָה,
איך האָב נישט פערגרעסערט אפילו אויף אַ האָר;
אַז איהר וועט אליין איינקוקען זיך אין זיין טויטען פּנים,
וועט איהר דערקענען זיינע מעלות מיט אלע סמנים!"
און רעדענדיג האָט ער אָפּגעדעקט דעם מ ת אויף דר'ערד,
און דער עולם האָט דערזעהן... א געפּייגערטען פערד!

* * *

הספּדים אזעלכע הערט מען אלע ווילע, —
נאָר שבחים פון „ניט": דאָס ניט און יענעס ניין;
נאָר לויבען מיט „ניט" איז נאָך גאָר ניט קיין מעלה,
איהר ווייזט אונז דעם „יאָ", — וואָס טויג אונז דער „ניין"?!

# באַמערקונגען און אפּטייטשונגען צו די לידער.

## התפלה (ז. 91)

1) „לערמאַנטאָוו׳ס ליעדעל“ — דאָס ליעד „מאָליטוואַ“ פון רוסישען דיכטער לערמאָנטאָוו. אין אידיש איבערזעצט פון ב. לאפּין, ש. הורוויץ און אַנדערע.

## יודעשקע (ז. 92)

1) אַלעגאָריע אויפ׳ן פאָלק ישראל און די גוים. יודעשקע — די כלה, מיינט די אידען. דער חתן — די גוים.

ע ר ש ט ע ר פ ע ר ז.

די כלה — די אידען פערגעסען זייער קולטור, מישען זיך אויס מיט די גוים.

צ ו ו י י ט ע ר פ ע ר ז.

די כלה ווערט אין אַ קעלער (אין געטא) פערשפּאַרט, כאָטש זי זעהט נאָכצי־מאַכען די גוים.

דער חתן בעפאלט די כלה — שרעקליכע פּאָגראמען אויף די אידען

ד ר י ט ע ר פ ע ר ז.

רעדט וועגען די אידישע צרות אין שפּאַניען און אַנדערע לענדער.

פ י ע ר ט ע ר פ ע ר ז.

דער אמאָליגער גלאַנץ פון אידישען פאָלק אין זיין אייגען לאנד. רעדט אויך וועגען די פיעלע אידישע געלעהרטע אין גלות.

פ י נ פ ט ע ר פ ע ר ז.

וועגען דעם אַז די אידען האָבען בייגעטראָגען צום פּראָגרעס און מענשליכער קולטור פון דעם געצענדיענסט אָן — און דאָך ליידען זיי אַזוי פיעל צרות.

ז ע ק ס ט ע ר פ ע ר ז.

די גרויסע ווידערשטאַנדס־פעהיגקייט פון דעם אידישען פאָלק. ניט קוקענדיג אויף אַלע צרות און פערפאָלגונגען בלייבען זיי דאָך אידען.

זיבעטער פערז.

דער אָנפאַנג פון דער נייער ציוניסטישער בעוועגונג.

2) סיניאַק — אַ וואונדיגער צייכען.

3) זאַקוסקעס — פערבייסען נאָכ'ן טרינקען וויין, שנאַפּס...

4) קאַדושקעס — קריעגלעך (מיט וויין).

## ג. דער קאָנטראַקט (ז. 107)

1) שטשאָט — חשבון, רעכענונג.

2) הנה נתתו לכם את כל עשב
זורע זרע לכם יהיה לאכלה. (בראשית א' כ"ט).

3) ויעש ה' אלהים לאדם ולאשתו עור וילבשם. (בראשית ב, כ"א).

4) פון אדמ'ן ביז'ן מבול זאָלען מענשען, לויט דער לעגענדע, האָבען גע־לעבט 900 יאָהר.

5) ראַסכאָד — הוצאה.

6) פאַפּאָר — שמיטה. דעם יאָהר אין וועלכען מען פערזעעט ניט די פעל־דער כדי זיי צו לאָזען רוהען.

## דער סנדק (ז. 122)

1) „איז" — אין די מעהרסטע פאַלען ברויכט א. צונזער דאָס וואָרט „איז" — אויך פאר מעהרצאָהל (וואו „איז" האָט אייגענטליך בעדארפט שטעהען — „זיינען").

2) דער שרייבער רעדט אין דער סטראָפע פון זיין אייגענעם אונגליק. צו יענער צייט זיינען ביי איהם אין 3 טעג צייט געשטאָרבען 4 קינדער פון דער חלי־רע.

3) קונע — בעשטראָפט צו זיין, פערשפּאַרט אין א ווינקעל.

4) אַנגעשוואונדען — אַנגעשוואומען.

5) ביים „המליץ" — א העברעאישע צייטונג, אָנגעהויבען צו ערשיינען דעם ערשטען מאָל אין אָדעס, 1860. האָט געהאַט א רובריק אין וועלכען די פיהרונג פון די אידישע כלי קודש איז קריטיקירט געוואָרען.

## הארץ-שליסלען (ז. 166)

1) „ישוב" — דער ציוניזם. (ישוב ארץ ישראל.)

### גראזשדאַנסקער בראַק (ז. 176)

1) „גראַזשדאַנסקער בראַק“ — ווען מאַנכע הויבען אָן פיהרען א פאַמיליען לעבען אָהן חופה וקדושין (ביי קריסטען — אָהן קירכליכער צערעמאָניע.)

2) ראַזוואַרט — פּראָסטיטוציע.

3) עהע־פּלאַק — (חופה־ליכט.)

4) דעסיאַטין — די ערד־מאָס אין רוסלאַנד.

5) „דער קייזער בעפרייט פון פּאַדאַנסטוואָ“ — א. צונזער דערמאָנט אין זיינע ליעדער פיעל מאָל צום גוטען אלעקסאנדער דעם צווייטען, דעם מלך חסד

### דער צעהן־רובעלדיגער בילעט (ז. 184)

1) אָבשטשעסטוואָ — געמיינדע.

2) אָבמאַן — אַ שווינדעל, אָפּגענאַרט.

### דער קלוגער אָרימאַן (ז. 188)

1) ספּאַלנע — שלאָפצימער.

### די שרייב־פּעדער (ז. 200)

1) סעקרעטען — סודות, בעהאַלטענע פּלענער.

2) אָראָר — — ?

3) אַ רוסיש ווערטעל: „איד, גיב די מטבעה!“

4) ווי עס שיינט, געשריבען פאַר׳ן רוסישען צענזאָר.

5) קיילכיל — קויל.

### דאָס ליעד פון ר׳ תחנון (ז. 215)

*) ווי עס שיינט איז עס אַנ׳אַלעגאָרישע סאַטירע אויפ׳ן פאָלק ישראל, וואס ווערט געטריבען און געיאָגט.

תחנון — די תפלה וואָס מען זאָגט מאָנטאָג און דאָנערסטאָג, א חוץ ווען אין דעם טאָג פאַלט אויס א יום־טוב.

1) ראַגאַטקע — איינפאָהר־טויער.

2) קאַפּייע — טראָג אריבער, שלאָג זיך דורך.

### דאָס ליעד פון די בראַנפען (ז. 219)

1) געשריבען צו דער צייט ווען בראַנפען איז געוואָרען ביליג אין רוסלאַנד.

2) נאָוואראָק, — נײ־יאָהר.

303

3) **קריטשאַק** — אַ קליין פלעשעל.

4) **טאוועריסטען** — געזעלען.

5) **מבריעה** — סעודה עבריה — דער „לחיים“ פון חכם־קדישם.

6) **שקייליק** — קליין־פלעשעלע.

7) **ראַקום** — אויף אלע פיער טיט'ן „אלץ מחילום“ ארויף.

### דער ניט געניטער מלוה (ז. 224)

1) דער מחבר רעדט דאָ ווידער פון דעם אייגענעם אונגליק, דאָס ווייב און קינדער זיינען איהם געשטאָרבען, האָט ער דערנאָך חתונה מיט אן אַנדער פרוי.

2) **שטאַיקע** — אין וואָכער, אין אויסצאַהלונגען.

3) **אימושטשיסטוואָ** — האָב און גוטס.

### חרטה אויפ'ן שידוך פון החתן'ס צד (ז. 240)

1) **קניאגיניע** — אַ פרינצעסין.

2) **קאָלטון** — אַפגעלאָזטער הילוך.

### מה נשתנה (ז. 246)

1) דאָס ליעד — ווי דער מחבר זאָגט עס אליין אין די לעצטע פערזען — איז געשריבען געוואָרען אין מינסק, אין דער צייט ווען די פערוואָרפענע שטילע שטאָט האָט מיט אמאָל אויפגעלעבט א דאנק דער ערשטער אייזענבאַהן־ליניע.

2) **באַנקיען** — באַנקען, באַנקירען.

3) **פאָכוואַליען** — אַ לויב.